מ. גארקי.

# אויפ'ן אפגרונט.

## (Na Dnie)

א פיעסע אין 4 אַקטען

וואַרשע 1925

---

פאַרלאַג פ. קאַנטאָראָוויטש,
מאַריאַנסקאַ 2.

Wydawnictwo P. KANTAROWICZ.
Warszawa, Marjanska 2.

Printed in Poland.

# די פּערזאָנען.

מִיכַאאִיל קָאסְטִילָאוו. 54 יאָהר אַלט, אַ בעל אכסניה.

וַואסִילִיסַא. זײַן פרוי, 26 יאָהר אַלט

נַאטַאשַׁא. איִהר שוועסטער, 20 יאָהר אַלט.

מֶעדְוֶועדְיֶעוו. זײַערער אַ פֶעטער, אַ פּאָליִציאַנט, 50 יאָהר אַלט.

וַואסְקַא פֶּעפֶּעל. 28 יאָהר אַלט.

אַנְדְרֵיי קְלֶעשְׁטְש. אַ סליאָסער, 40 יאָהר אַלט.

אַנַא. זײַן פרוי, 30 יאָהר אַלט.

נַאסְטְיַא. אַ מערעל פֿיִן אַ יאָהר 24.

קְוַואשְׁנְיַא. אַ סוחר'טע פון געהאַקטע פלייש, פיִש, געפּיִלטע פּיִראָגען, אַלט אַנ'ערך 40 יאָהר.

בּוּבְּנָאוו. אַ פּערלער פון אַ יאָהר 45.

סַאטִין
אַקְטְיָאר
פון איין הויך, אַלט אַנ'ערך פון אַ יאָהר 40.

בַּארָאן. 33 יאָהר אַלט

לוּקַא. וואַנדערער, אַלט אַ יאָהר 60

אַלֶעשְׁקַא. אַ שוסטער, 20 יאָהר אַלט

קְרִיוָואי זָאבּ.
טַאטַארִין.
משא־טרעגער.

אייניגע באָסיאַקעס אָהן נעהמען און אָהן לשון.

# ערשטער אַקט.

---

אַ קעלער, וועהט-אויס ווי אַ גרוב, דער סופיט — אַ שווערער, אַ פּערוי·
·ערטער · רעכטס פון אַ קוואדראַט-פענסטער זעהט זיך דאָס ליכט. דעם רעכ·
·טען ווינקעל פערנעהמט פּ ע פּ ע ל 'ס צימער, וועלכעס איז אַרומגעצוימט מיט
· דינעס שיירע-ווענדעל, ביי דער טהיר פון צימער—שטעהט ב ו ב נ אָ ו ו'ס
נאַרע. אין לינקען ווינקעל — שטעהט אַ גרויסער רוסישער אויווען; און דער
לינקער, שטיינערנער וואַנד—געהט אַ טהיר אין קיך, וואו עס וואוינען ק ו ו אַ ש·
נ י אַ, ב אַ ר אָ ן, נ אַ ס ט י אַ. צווישען אויווען און טהיר—שטעהט אַ ברייטע
בעט, וואָס איז בעדעקט מיט קויטיגע קאַרטונענע זאַכען, ביי די ווענד שטעהען
אומעטום נאַרעס, ביי דער לינקער וואַנד שטעהט אַ קאָוואַדלע, פאַר וועלכער
עס זיצט ק ל ע ש ט ש און מעסט-צו שליסלען צו אַלטע שלעסער. אויף דער
ערד· ביי איהם ליגט אַ גרויסער בונט מיט אַלטע שליסלען, אַרויסגעצויגען אויף
אַ דראָהטענעם רינג, אַ צובראָכענער סאַמאָוואַר, אַ האַמער, פיילען. אין מיטען
שטוב שטעהט אַ גרויסער טיש, צוויי בענק און אַ טאַבורעטקע, אלץ—ניט גע·
פאַרבען און ברודיג. הינטערן טיש בעל-הבת'עוועט ק ו ו אַ ש נ י אַ ארום דעם
סאַמאָוואַר. ב אַ ר אָ ן קייט שוואַרצען ברויט, און נ אַ ס ט י אַ זיצט אויף דער
טאַבורעטקע און לייענט אַנ'אַלט, צעריסען בוך. אויפ'ן בעטעל ליגט אַ נ אַ און
הוסט. ב ו ב נ אָ ו ו זיצט אויף דער נאַרע און איז זיך עוסק מיט זיינע אַלטע
היטלען, הויזען און אַנדערע אַלטוואַרג. ס אַ ט י ן האָט זיך אָקאָרשט אויפגע·
כאַפּט, ליגט אויף דער נאַרע און—ברומט. אויפ'ן אויווען ליגט אומבעמערקט
דער אַ קטיאָר און הוסט.

**עס איז אָנהויב פריהלינג, מאָרגען.**

**באראן.** פאַרוועֶרטס !

**קוואשניא.** ניי־ניין, זאָג איך, מיין ליעבער, דערמיט יעֶה אַוועֶק פון מיר. איך, זאָג איך, האָב שוין דאָס אויסגעֶפרובט... און איצט וועל איך שוין אפילו פאַר הונדערט געבראָטעֶנע ראקעֶס אונטער דער חופה ניט געֶהן.

**בובנאוו.** (צו סאטין).

וואָס בורצעֶסטו דאָרט? (סאטין ברומט).

**קוואשניא.** זאָל איך, זאָג איך, וועלכע איז אַ פרייע פרוי, אַ בעל־הבית'טע פאַר זיך, זיך איינשרייבען אין אַ פרעמדען פאַס־פאָרט, זאָל איך זיך דעם מאַן פערקויפען פאַר אַ קנעֶכט — ניין! אפילו ער וואָלט געווען אַן אַמעריקאַנישער פרינץ, — וואָלט איך אויך מיט איהם בשום אופן ניט חתונה געהאַט.

**קלעֶשטש.** אַ ליגענר !

**קוואשניא.** וואַ—אָס ?

**קלעֶשטש.** דו זאָגסט ליגענר. דו וועסט חתונה האָבען מיט אַבראמקען...

**באראן.** (חאַפּט אַרויס בײַ נאסטיאַן דאָס ביכעל, לייענט־דורך דעם נאָמען).

„אַ בעשטימטע ליעבע"... (לאַכט).

**נאסטיא.** (שטרעֶקט־אויס די האַנד).

גיעב... גיעב אהער! נו... שפיעל זיך ניט!

**באראן.** (קוקט אויף איהר, שאָקעלט מיט'ן בוך אין דער לופט).

**קוואשניא.** (צו קלעֶשטש).

דו געלער באָק! אַוועֶק — אַ ליגענר! ווי סמייעֶסטו צו זאָגען אזא העזה'דיג וואָרט !

**באראן.** (דערלאַנגט אַ קלאַפּ מיט'ן בוך איבער נאסטיאס קאָפּ).

דו ביזט אַ נאַר, נאסטקא...

**נאסטיא.** (נעהמט צו דאָס בוך).

גיעב...

**קלעֶשטש.** אַ גרויסע פריצ'טע... און מיט אַבראמקען וועסטו חתונה האָבען... דאָס וואַרטסטו דאָך נאָר...

**קוואשניא.** פערשטעהט זיך! און ווי נאָך!.. וואָס דען! דו האָסט, דאָך, דאָרט פערפיהרט אַ פרוי...

קלעשטש. שווייג, אַלטע צויג! ס'איז ניט דיין עסק...
קוואשניא. אַ—אַ! דער אמת שמעקט דיר ניט!
באראָן. עס האָט זיך שוין אָנגעהויבען! נאַסטקאַ — וואו ביסטו?
נאַסטיא. (הויבט ניט אויף איהר קאָפּ).
אַ... גערה אוועק!
אַנאַ. (שטעקט-אַרויס איהר קאָפּ פון הינטערן פאָרהאַנג).
עס איז שוין טאָג געוואָרען! למען השם... שרייט ניט אַזוי.. זידלעט זיך ניט...
קלעשטש. זי האָט שוין אָנגעהויבען פּלאָגען!
אַנאַ. יעדען טאָג ... לאָזט מיר חאָטש שטאַרבען רוהיג!
בובנאָוו. אַ ליאַרעם—שטעהט דעם טויט ניט אין וועג.
קוואשניא. (געהט-צו צו אַנאַ'ן).
און ווי האָסטו, מיין מוטער, מיט אַזאַ גאַרנישט געלעבט?
אַנאַ. לאָז מיך אָב ... לאָז מיך אָב ...
קוואשניא. נ—נו! עך דו... אונגעדולדיגע!.. וואָס איז דיר ניט גרינגער אין ברוסט, וואָס!
באראָן. קוואַשניאַ! ס'איז צייט צו געהן אויפ'ן מאַרק...
קוואשניא. מיר געהען תכף! (צו אַנאַ'ן), ווילסטו, איך וועל דיר געבען הייסינקע פּיש?
אַנאַ. מען דאַרף ניט... אַ דאַנק. צו וואָס דאַרף איך עסען?
קוואשניא. עס עפּעס. הייסע מאכלים—מאַכען ווייכער. איך וועל פאַר דיר אַריינלעגען אין אַ טעלער און דיר איבערלאָזען.. ווען דו וועסט וועלען וועסטו עסען! קום, פּריץ... (צו קלעשטשען) אונרייינער גייסט ... (געהט אַרויס אין קיך).
אַנאַ. (הוסט). גאָט ...
באראָן. קלאַפּט נאַסטיאַ'ן שטילערהייד אין רוקען).
וואַרף אוועק... שוטה!..
נאַסטיא. (ברומט-אונטער).
טראָג זיך אָב... איך שטער דיר ניט.
באראָן. (פייפט זיך אונטער און געהט אַוועק נאָך קוואשניאַ).

**סאטין.** (הויבט זיך אויף פון זיין נארע).
ווער האט מיך געשלאגען?

**בובנאוו.** איז דיר דען ניט אלץ איינס?..

**סאטין.** זאל אזוי זיין... אבער פאר וואס האט מען מיך געשלאגען?

**בובנאוו.** אין קארטען האסטו געשפיעלט?

**סאטין.** געשפיעלט...

**בובנאוו.** דערפאר האט מען דיך געשלאגען.

**סאטין.** עזות-פנים'ער...

**אקטיאר.** (שטעקט-ארויס זיין קאפ פון אויווען).
א מאל וועט מען דיך דערהרגענען עד למיתה...

**סאטין.** און דו — ביסט א גולם.

**אקטיאר.** פארוואס?

**סאטין.** ווייל צוויי מאל דערהרגעט מען ניט.

**אקטיאר.** (שווייגט א רגע).
איך פערשטעה ניט... פארוואס—קאן מען ניט?

**קלעשטש.** קריך-אראב פון אויווען און רוים-אויף די שטוב... וואס פעציעהסטו זיך אזוי?

**אקטיאר** „ ס'איז ניט דיין עסק...

**קלעשטש.** אט וועט קומען וואסיליסא—וועט זי דיר שוין ווייזען, וועמעס עסק ס'איז...

**אקטיאר.** וו-אסיליסא קאן געהן צום טייוועל! היינט מוז דער באראן אויפרוימען... באראן!

**באראן.** (געהט-ארויס פון קיך).
איך האב קיין צייט ניט אויפצורוימען... איך געה מיט קוואשניא'ן אין מארק.

**אקטיאר.** דאס איז מיך ניט נוגע... פון מיינעט וועגען קאנסטו אפילו געהן אויף קאטארגע... און אויסקעהרען די שטוב מוזסטו היינט... איך וועל פאר אנדערע ניט ארבייטען...

**באראן.** נו, געה צום טייוועל! נאסטענקא וועט אויס-קעהרען... אי, דו, בעשטימטע ליעבע! שטעה אויף! (נעהמט-צו ביי נאסטיא'ן דאס בוך).

**נאַסטיא.** (שטעלט זיך אהין).
וואָס דאַרפסטו? גיעב אַהער! חָצוף! און נאָך—אַ פּריץ...

**באַראָן.** (גיעט איהר אָב דאָס בוך).
נאַסטיאַ! קעהר-אויס די שטוב פאַר מיר—גוט?

**נאַסטיא.** (געהט אריין אין קיך).
זעהר נויטיג... אַנדערש ניט!

**קוואַשניא.** (פון דער קיכענ-טהיר צו באַראָן׳ן).
דו—געה! ס׳וועט זיך שוין אויפרוימען אָהן דיר... אַקטיאָר! מען בעט דיך, — טהו עס... שאַדט נישט, דו וועסט זיך ניט איבערריַיסען!..

**אַקטיאַר.** נו... שטענדיג איך... איך פערשטעה ניט...

**באַראָן.** (טראָגט אַרויס פון דער קיך אויף כענדערס (קאָראָמיסלעס) קערב, אין וועלכע עס געפינען זיך טעפּלעך בעדעקט מיט שמאַטעס)
הײַנט איז עס עפּעס שווערלעך...

**סאַטין.** דו האָסט נויטיג געראַפט געבוירען ווערען אַ באַראָן...

**קוואַשניא.** (צום אַקטיאָר).
זעה נאָר, זאָלסט אויסקעהרען! (געהט-אַרויס אין פאָרהויז, פאַר איהר געהט באַראָן).

**אַקטיאַר.** (קריכט אַראָב פון אויווען).
פאַר מיר איז שעדליך צו אָטהמען אין שטויב, (מיט שטאָלץ). מיַין אָרגאַניזם איז פערסם׳ט געוואָרען פון אַלקאָהאָל... (פערטראַכט זיך, זיצענדיג אויף דער נאַרע).

**סאַטין.** אָרגאַניזם... אָרגאַנען...

**אנא.** אַנדריי...

**קלעשטש.** וואָס נאָך?

**אנא.** קוואַשניאַ האָט מיר דאָרט איבערגעלאָזען פּיש... נעהם, עס-אויף.

**קלעשטש.** (געהט צו איהר צו).
און דו—וועסט נישט?

**אנא.** איך וויל נישט... צו וואָס דאַרף איך עסען? דו—בּיזט אַנ׳אַרבייטער... דו—דאַרפסט עסען...

**קלעשטש.** (געהט אוועק).
גאָר נישט... אפשר—ווּעסטו אויפשטעהן... עס קאָן זײַן!
(געהט ארויס אין קיך).

**אקטיאר.** (רעדט לויט, ווי ער וואָלט זיך פלוצלינג אויפגעכאפּט).
נעכטען אין שפיטאָל, האָט מיר דער דאָקטאָר געזאָגט:
אײַער, זאָגט ער, אָרגאַניזם—איז לגמרי פערגיפטעט פון אַלקאָהאָל...

**סאטין.** (שמייכעלט). אָרגאַנען...

**אקטיאר.** (שטאַנהאפט).
ניט אָרגאַנען, נאָר אָר—גאַ—ני—זם...

**סאטין.** סיקאמבר...

**אקטיאר.** עט, נארישקייט! איך רעד ערנסט... יאָ.
ווען דער אָרגאַניזם — איז פערגיפטעט... — הייסט, — אז פאַר
מיר איז שעדליך צו קעהרען די שטוב... צו אַטהמען אין שטויב...

**סאטין.** מאַקראָביאָטיקע... חאַ!

**בובנאוו.** וואָס ברומסטו דאָרט?

**סאטין.** ווערטער... און אפשר נאָך — טראַנס —
סצענדענטעלע...

**בובנאוו.** וואָס איז דאָס אַזוינס?

**סאטין.** איך ווייס נישט... איך האָב פערגעסען...

**בובנאָו.** צו וואָס־זשע רעדסטו?

**סאטין.** גלאַט אזוי... עס זענען מיר, ברודער, איבער
דרייסיג געוואָרען אלע מענשליכע ווערטער... אלע אונזערע ווער-
טער—האָבען מיר דער עסען! יעדעס פון זיי האָב איך... אַ וודאי
געהערט, טויזענד מאָל...

**אקטיאר.** אין דער דראַמע „האַמלעט" שטעהט: „ווער-
טער, ווערטער, ווערטער!" א גוטע זאַך... איך האָב אין דער
דראַמע געשפּיעלט דעם קברות־מאַן...

**קלעשטש.** (געהט ארויס פון דער קיך).
דו ווּעסט אפשר שוין באַלד אָנהויבען שפּיעלען מיט'ן בעזים!

**אקטיאר.** נישט דײַן עסק... (דערלאַנגט זיך א קלאַפּ מיט דער
האַנד אין האַרצען). אָ פעליע! אָ, דערמאָהן מיך אין דײַנע תפלות!..
(עפּעס ווײַט הינטער דער סצענע הערט זיך אַ דומפּפער ליאַרם, געשרייען, פּפײַ-
פען פון אַ פּאָליציאַנט. קלעשטש זעצט זיך אַרבייטען און סקריפּעט מיט דער פייל).

**סאַטין.** איך האָב ליעב אונפערשטענדליכע זעלטענע ווערטער... בשעת איך בין געוועזן א קינד... האָב איך געדיענט אין טעלעגראַף... האָב איך געלייענט א סך ביכער...

**בובנאָוו.** און דו ביסט געוועזן א טעלעגראפיסט?

**סאַטין.** געוועזן... עס זענען פאַראַן זעהר גוטע ביכער... און זעהר טשיקאַווע ווערטער... איך בין געוועזן א געבילדעטער מענש... דו ווייסט?

**בובנאָוו.** איך האָב געהערט... שוין הונדערט מאָל! נו און אז געוועזן... א טייערע מציאה... איך—בין געוועזן א פאַרבער... האָב געהאַט אן׳איינענע פאַרבעריי... מיינע הענד זענען געווען שטענדיג געלב — פון פאַרב; איך האָב פעלצען געפאַרבען, — אַט אַזוינע געלבע הענד האָב איך, ברודער, געהאַט... איך האָב שוין געמיינט, אז ביז צום טויט וועל איך זיי שוין ניט אָבוואַשען... און מיט געלבע הענד וועל איך שטאַרבען... און איצט זענען מיינע הענד... פשוט קויטיג... יאָ!

**סאַטין.** נו, און וואָס איז?

**בובנאָוו.** און מעהר גאָר נישט...

**סאַטין.** צו וואָס האָסטו עס געזאָגט?

**בובנאָוו.** גלאַט אַזוי... עס קומט־אויס—וויפיעל זאָלסט זיך ניט אויספוצען פון אויסווענדיג, וואָלט זיך אלין אָב... אַלץ...

**סאַטין.** אַי... מיר טהוען וועה מיינע ביינער!

**אקטיאָר.** (זיצט, זיינע קניען ארומגענומען מיט די הענד). בילדונג -- איז נאַרישקייט, דער עיקר — טאַלענט, איך האָב געקענט אן׳ארטיסט... ער האָט זעהר גוט געלייענט ראָליען, האָט געקאָנט שפיעלען העלדען אַזוי, אַז... דאָס טעאַטער האָט געשטורעמט...

**סאַטין.** בובנאָוו, גיעב מיר אַ צעהנער!

**בובנאָוו.** איך האָב סך הכל צוויי קאָפּיקעס...

**אקטיאָר.** איך זאָג—טאַלענט, דאָס דאַרף האָבען א העלד, און אַ טאַלענט—דאָס איז דער גלויבען אין זיך, אין דער אייגענער קראַפט...

**סאַטין.** גיעב מיר א צעהנער, וועל איך גלויבען, אַז דו ביסט א טאַלענט, א העלד, אַ קראָקאָדיל, אַ פריסטאָוו... קלעשטש, גיעב א צעהנער!

**קלעשטש.** געה צום טײַוועל! איהר זײַר דאָ פֿאַרהאַן נענוג...

**סאטין.** וואָס זידעלסטו זיך? דו האָסט דאָך קײַן גראָשען ניט, איך ווײס דאָך...

**אנא.** אַנדרײַ... מיר איז דושנע... שווער...

**קלעשטש.** וואָס קאָן איך דערצו טהון?

**בובנאוו.** עפֿען־אויף די טהיר אין פֿאָרהויז...

**קלעשטש.** זעהר גוט! דו זיצסט זיך אויף דער נאָרע, און איך — אויף דער ערד... לאָז מיר אויף דײַן אָרט, און עפֿען זיך אויף די טהיר... אַזוי קאָן איך זיך נאָך פֿערקיהלען...

**בובנאוו** (רוהיג):

איך דאַרף ניט עפֿענען... דײַן פֿרוי בעט עס...

**קלעשטש** (פֿינסטער).

מאַלע וואָס איינער וועט מיך בעטען...

**סאטין.** עס דרעהט מיר דער קאָפּ... עך! און צו וואָס שלאָגען זיך מענשען איינער די אַנדערע אין קאָפּ?

**בובנאוו.** זיי שלאָגען זיך ניט בלויז אין קאָפּ, נאָר אויך אין גאַנצען קערפּער. (שטעלט זיך אַנידער!). מען מוז געהן קויפֿען פֿאָדים... מען זעהט עפּעס הײַנט ניט אונזערע בעלי־בתים. אַקוראַט, ווי זיי וואָלטען אויסגעפּײַגר'ט. (געהט־אָב).

(אַנאַ הוסט. סאטין האָט פֿאַרטערגעלעגט די הענד אונטער'ן קאָפּ ליגט אונבעוועגליך).

**אקטיאר.** (קוקט זין אַרום מיט אַ בענקשאַפֿט געהט־צו צו אַנאַ'ן).

וואָס? שלעכט?

**אנא.** ס'איז דושנע.

**אקטיאר.** ווילסט — איך וועל דיך אַרויספֿיהרען אין פֿאָרהויז? נו, שטעה־אויף. (ער העלפֿט איהר זיך אויפֿהויבען, וואַרפֿט אַרויף אויף איר'ע פּלייצעס אַנ' אַלטע שמאַטע און איהר אונטערהאַלטענדיג, פֿיהרט זי אַרויס אין פֿאָרהויז). נו־נו... האַרט! איך — בין אַליין אַ קראַנקער... זיך פֿערסם'ט מיט אַלקאָהל...

**קאסטיליאוו** (אין טהיר).

שפּאַציערען? אַך, אַ שעהן פּאָרעל, אַ לאַם מיט אַ יונג שעפּעלע...

**אקטיאר.** געה־אָב אין אַ זײַט... זעהסט, קראַנקע געהען?..

**קאסטיליאוו.** געה־דורך, ביטע ... (זינגט זיך אונטער אינטער'ן נאָז עפּעס געטליכעס, קוקט ארום פערדעכטיג די אַכסניאָ און קעהרט־צו דעם קאַפּ לינקס, ווי ער וואָלט זיך צו עפּעס צוגעהערט. קלעשטש קלינגט מיט שליסלען און סקריפּעט מיט דער פּייל). סקריפּעסט?

**קלעשטש.** וואָס?

**קאסטיליאוו.** סקריפּעסט, זאָג איך? (א פּויזע). אַ־אַ... דאָס ... וואָס האָב איך געוואָלט פרעגען? (שנעל און שטילערהייד). די פרוי איז דאָ ניט געוועזן?

**קלעשטש.** איך האָב נישט געזעהן ...

**קאסטיליאוו** (געהט פאָרזיכטיג צו צו דער טהיר פון פּעפּלאַ'ס צימער). וויפיעל אָרט פערנעהמסטו עפּעס ביי מיר פאַר דיינע צוויי קאַרבאָנצעס אַ חודש! אַ בעט ... אַליין זיצסטו ... בנאמנות, פאַר פינף רובעל פלאַץ! מען דאַרף ביי דיר נעהמען נאָך אַ האַלב קערבעל···

**קלעשטש.** טהו מיר אָן אַ שטריק און דערוואָרג מיך··· דו האַלסט דאָך שוין ביי דער פגירה, און טראַכסט אַלץ וועגען האַלבע קערבלעך···

**קאסטיליאוו.** צו וואָס מאַטערסטו? ווער'מען טהוסטו דערמיט אַ טובה? גאָט איז מיט דיר, לעב צוליעב דיין הנאָה··· און איך וועל ביי דיר נעהמען אַ האַלב קערבעל,— קויפען עהל פאַר'ן נר תמיד··· און פאַר דער הייליגער איקאָנע וועט ברענען מיין קרבן··· און דער קרבן וועט מכפּר זיין אויף אַלע מיינע חטאים, און אויף דיינע אויך. אליין טראַכסטו דאָך גאָר ניט וועגען דיינע זינד ... עך, אַנדריושקע, דו ביסט אַ שלעכטער מענש! דיין ווייב איז קראַנק געוואָרען נאָר פון דיין שלעכטקייט ... קיינער ליעבט דיך ניט, עהרט דיך ניט ... דיין ארבייט סקריפּעט, בעאונרוהיגט אַלעמען . . .

**קלעשטש** (שרייט).

וואָס איז ... דו ביסט געקומען מיך צו פּערס'ן?

(סאַטין ברומט לויט).

**קאסטיליאוו** (דערלאַנגט א ציטער).

עך דו, פּעטער ...

**אקטיאר** (געהט ארײַן).

איך האָב אוועק געזעצט דאָס אַלטיטשקע אין פּאָרהויז, האָב זיך פֿערהולעט...

קאסטיליאוו. עך, דו ביסט אַ גוטער ברודער! דאָס איז זעהר שען... דו וועסט האָבען דערפֿאַר אַ גרויסען שכר...

אַקאַטיאר. ווען?

קאסטיליאוו. אויף יענער וועלט, ברודערקע... פֿאַר אונזערע גוטע מעשים וועט מען אונז געבען שכר...

אַקטיאר. און דו אַנ'ערך וואָלסט מיר בעלוינט פֿאַר מיינע גוטסקייטען?

קאסטיליאוו. ווי אַזוי קאָן איך דאָס?

אַקטיאר. שענק מיר אַ העלפט פֿון די חובות...

קאסטיליאוו. העהע! דו טרייבסט נאַר קאַטאָוועס, געליייבטער, כּסדר שפּיעלסטו דיך... קאָן מען דען אַ גוט הארץ צוגעייבען צו געלד? דאָס גוטסקייט איז העכער פֿון אַלע חדרים אויף דער וועלט, און דיין חוב — איז און בלייבט אַ חוב! און עס הייסט, אַז דו דאַרפסט איהם בעצאָהלען...

אַקטיאר. אַי ביסטו אַ פֿוינעל, אַלטיטשקער... (געהט אַרויס אין קיך).

(קלעשטש שטעהט-אויף און געהט-אַרויס אין פּאָרהויז).

קאסטיליאוו (צו סאַטין).
ענטלאָפֿען, חע־חע! ער האָט מיך ניט ליעב...

סאַטין. ווער ליעבט דיך יאָ, אַ חוץ דער טייוועל...

קאסטיליאוו (לאַכט).
אַי זידעלסטו זיך! און איך ליעב אייך אַלעמען... איך פֿערשטעה, איהר זייד אַלע אומגליקליכע, נאַרנישטען, געפֿאַלענע... (פלוצלונג, שנעל), אַ... וואַסקע—איז אין דער היים?

סאַטין. גיעב אַ קוק...

קאסטיליאוו (געהט-צו צו דער טהיר און קלאַפּט). וואַסיאַ!

(דער אַקטיאָר בעווייזט זיך אין דער קיכען-טהיר. ער קייט עפּעס).

פּעפּעל. ווער איז עס?

קאסטיליאוו. דאָס בין איך... איך, וואַסיאַ.

פּעפּעל. וואָס דאַרפֿסטו?

קאסטיליאוו. (זיך אָפּקעהרענדיג). עפּען...
סאטין. (ניט קוקענדיג אויף קאָסטיליאָוו'ן).
ער וועט עפּענען, און זי — איז דאָרט...
(דער אַקטיאָר ניסט).
קאסטיליאוו. (אָנרוהיג, שטילערהייד).
א? ווער איז דאָרט? דו... וואָס?
סאטין. וואָס? דו — רעדסט צו מיר?
קאסטיליאוו. וואָס האָסטו אַזוינס געזאָגט?
סאטין. דאָס האָב איך אַזוי גלאַט... פאַר זיך...
קאסטיליאוו. זעה, ברודער! קאַטאָוועס זאָלסטו אויך טרייבען מיט אַ מאָס... אָ! (קלאַפּט שטאַרק אין טהיר). וואַסילי...
פעפעל. (עפענט די טהיר). נו? וואָס בעאונרוהיגסטו זיך אַזוי?
קאסטיליאוו (קוקט זיך אין צימער).
איך... זעהסטו — דו...
פעפעל. דו האָסט געבראַכט געלד?
קאסטיליאוו. איך האָב עפּעס אַנ'ענין צו דיר...
פעפעל. געלד—האָסטו געבראַכט?
קאסטיליאוו. וועלכע? וואַרט...
פעפעל. געלד, זיבען רובל, פאַר'ן זייגער — נו?
קאסטיליאוו. וועלכען זייגער, וואַסיאַ?... אך... דו...
פעפעל. נו, קוק נאָר! נעכטען האָב איך דיר פאַר עדות פערקויפט אַ זייגער פאַר צעהן רובל... דריי — האָב איך געקריגען, זיעבען — גיעב אהער! וואָס זוכסטו מיט די אויגען? טרייבסט זיך דאָ אַרום, בעאונרוהיגט מענשען... און ווייס ניט פון זיינע אייגענע עסקים...
קאסטיליאוו. ש—ש! בייזער זיך ניט, וואַסיאַ... דער זייגער,— האָבען זיי...
סאטין. גענגב'עטער...
קאסטיליאוו (שטרענג). איך קויף קיין גענגב'עטע ניט... ווי קאָנסטו דאָס...

**פעפעל** (נעהמט איהם אן פאר דער פלייצע) .
וואס האסטו מיר געשטערט מיין רוה ? וואס דארפסטו האבען ?
**קאסטיליאן.** יא ··· איך — דארף גאר נישט ··· איך געה אוועק ··· ווען דו ביסט אזא ···
**פעפעל.** געה, ברענג געלד
**קאסטיליאן** (געהט אוועק) .
וואס פאר גראבע מענשען ! אי, אי... אי ...
**אקטיאר.** א קאמעדיע !
**סאטין.** גוט ! דאס ליעב איך ...
**פעפעל.** וואס דארף ער דא ?
**סאטין** (לאכט) .
פערשטעהסט ניט ? ער זוכט זיין ווייב ... און פאר וואס האסטו איהם ניט אנגעבראכען די ביינער, וואסיליא ?
**פעפעל.** צוליעב אזא גארנישט וועל איך מיך ניט שטערן מיין לעבען ...
**סאטין.** און דו — ביסט א חכם. דערנאך — האב חתונה מיט וואסיליס'ן... דו וועסט ווערען אונזער בעל־הבית ...
**פעפעל.** א גרויסע שמחה ! וואס וועל איך דערפון האבען, איהר וועט דאך מיך פערשכור'ן אין שענק (זעצט זיך אויף דער נארע) אנ'אלטער שד... ער האט מיך אויפגעוועקט... און איך—האב געזעהן א גוטען חלום : עפעס ווי איך פאנג פיש ! און האב געחאפט—אנ'אונגעהויערן לעשטש ! אזא לעשטש—קאן מען בלויז אין חלום זעהן... און איך שלעפ איהם פאר'ן אנגעל און האב מורא—ער וועט זיך אבצרייסען ! איך האב צוגעגרייט א נעץ... אט, רעכען איך, גלייך ...
**סאטין.** דאס איז ניט געוועזען קיין לעשטש, נאר וואסיליסא ...
**אקטיאר.** וואסיליסא'ן האט ער שוין לאנג געפאנגען ...
**פעפעל** (בייז) געהט צום טייוועל ... מיט איהר צוזאמען !
**קלעשטש.** (געהט-אריין פון פארהויז) . כלבים ...
**אקטיאר.** דו, אנא'ן האסטו ניט געבראכט ? זי וועט דאך דערפרוירען ווערען ...

קלעשטש. נאַטאַשקע האָט איהר אַריינגעפיהרט צו זיך אין קיך ...

אקטיאר. דער אַלטער—ווערט אַרויסטרייבען ...

קלעשטש. (זעצט זיך ארבייטען). נו ... נאַטאַשקע ווערט איהר אַריינפיהרען ...

סאטין. וואַסילי! גיעב אַ צעהנער ...

אקטיאר. (צו סאַטין), עך דו ... אַ צעהנער! וואַסיאַ! גיעב אונז אַ פערציגער ...

פעפעל. מען דאַרף וואָס שנעלער איך געבען ... איהר קאָנט נאָך באַלד בעטען אַ רובל ...

סאטין. גיבלאַרטאַר! אויף דער וועלט זענען קיין בעסערע מענשען ניטאָ פון גנבים!

קלעשטש. (טרויעריג). זיי קומט דאָס געלד גרינג אָן... זיי—אַרבייטען נישט...

סאטין. אַ סך מענשען קומט-אָן גרינג דאָס געלד, אָבער ניט אַלע קאָנען זיך מיט'ן געלד לייכט געזעגענען... אַרבייט? מאַך די אַרבייט זאָל זיין אַנגענעהם; עס קאָן זיין, אַז איך וועל דעמאָלט אַרבייטען... יאָ! עס קאָן זיין! בשעת די אַרבייט—איז אַ פערגניגען, איז דאָס לעבען — גוט! בשעת די אַרבייט — איז אַ חוב, איז דאָס לעבען—אַ קנעכטשאַפט! (צום אקטיאָר). דו, סאַרדאַנאַפאַל! קום...

אקטיאר. קום, נאַוואוכאָדאָנאָסאָר! איך וועל זיך אָנטרינקען, היינט—ווי ... פערציג טויזענד שכורים ... (געהט אָב)

פעפעל. (געגעצט). וואָס מאַכט דיין פרוי?

קלעשטש. מען זעהט, אַז שוין אין גיכען ... (פויזע)

פעפעל. איך קוק אויף דיר, — ווי דו סקריפעסט.

קלעשטש. וואָס-זשע טהוט מען?

פעפעל. גאָרנישט ...

קלעשטש. און עסען?

פעפעל. מענשען לעבען דאָך ...

קלעשטש. די דאָזיגע? וואָס זענען דאָס פאַר מענשען? אָבפאַל, פסולת... שענע מענשען! איך—בין אַן'אַרבייטער...

איך שעם מיך פשוט צו קוקען אויף זיי... איך ארבייט פון קינד־ווייז אן... דו רעכענסט, אז איך וועל זיך פון דאנען ניט ארויס־רייסען? איך וועל ארויסקריכען... די הויט זיך אב שינדרען, און ארויסקריכען... אט ווארט... די פרוי וועט שטארבען... איך וואויהן דא א האלב יאהר... און עם דולט זיך מיר, אז עם איז שוין זעקס יאהר...

**פעפעל.** קיינער איז דא ניט ערגער פון דיר... כהגם רעדסטו דאס...

**קלעשטש.** ניט ערגער? זיי לעבען דאך אהן עהרע, אהן געוויסען...

**פעפעל** (גלייכגילטיג). צו וואס טויג דיר — עהרע, געוויסען? אנשטאט שיך, וועסטו אויף די פים ניט אנטהון ניט קיין עהרע, ניט קיין געוויסען... עהרע־געוויסען איז גוט פאר די, וועלכע בעזיצען מאכט און קראפט...

**בובנאוו** (געהט־אריין). או־או... פערפרוירען געווארען!

**פעפעל.** בובנאוו! דו האסט א געוויסען?

**בובנאוו.** וואס אזוינס? א געוויסען?

**פעפעל.** נו יא!

**בובנאוו.** צו וואס דארף איך א געוויסען? איך—בין ניט קיין גביר...

**פעפעל.** אט איך זאג אויך דאס איינענע! עהרע־געוויסען ברויכען רייכע, יא! און קלעשטש זידעלט אונז; ער טענה'ט, אז מיר האבען ניט קיין געוויסען...

**בובנאוו.** און וואס איז—ער וויל בארגען ביי אונז?

**פעפעל.** ער האט אליין גענוג...

**בובנאוו.** הייסט עס, אז דו פערקויפסט? דא וועט קיינער אזוינס ניט קויפען. אט זעהסטו, אלטע קארטען וואלט איך גע־קויפט... און דאס אויך אויף בארג...

**פעפעל** (בעלעהרענד). שוטה דו, אנדרעי! אויפ'ן חשבון פון געוויסען האסטו געדארפט אויסהערען סאטין... אדער גאר— דעם באראן...

**קלעשטש.** ניט וועגען דעם וועל איך מיט זיי רעדען...

3662037

פּעפּעל. זײַ—זענען קלוגער פון דיר ... חאָטש זײַ זענען שכּורים ...

בובּנאָוו. און װער עס איז שכּור איז אויך אַ חכם, צװײ מעלות האָט ער ...

פּעפּעל. סאַטין זאָגט: יעדער מענש פערלאַנגט זײַן שכן זאָל האָבען אַ געװיסען, קײנעם, אָבער, זעהסטו, לוינט אַזא עסק ניט ... און דאָס איז—ריכטיג ...

(עס געהט אַרײַן נאַטאַשאַ. הינטער איהר — לוקאַ מיט אַ שטעקען אין האַנד, אַ טאָרבע איבּער די פּלײצעס, אַ קעסעל און אַ טהעע-קענדעל בײַ'ם גאַרטעל).

לוקאַ. אַ גוטיקען געזונד, ערהרליכעס פאָלק!

פּעפּעל. (גלעט זיך די װאָנסען). אַ-אַ, נאַטאַשאַ!

בובּנאָוו. (צו לוקאַ), געװעזען ערהרליך, אָבער, דעם פאָר-פערגאַנגענעם פריהלינג ...

נאַטאַשאַ. אָט איז—אַ נײַער אורח ...

לוקאַ. מיר — איז אַלעם אײנס! — איך גיעב אָב כּבוד אויך זשוליקעס, איך האַלט, אַז שטײנער, אַז אפילו צװישען פליהה װעט איהר אויך קײן שלעכטע ניט געפינען: אַלע—זענען שװאַרצ-ליך, אַלע — שפּרינגען-אונטער... װי עפּעס... װאו זאָל איך, ליעבינקע, זיך דאָ אָנשפּאַרען?

נאַטאַשאַ. (אָנװײַזענדיג אויף דער טהיר פון דער קיך) אַהין. געה, זײדע ...

לוקאַ. אַ דאַנק דיר, מעדעל! דאָרטען, איז דאָרטען ... פאַר אַן'אַלטען—איז װאו עס איז װאַרעם, דאָרט איז זײַן היים ...

פּעפּעל. װאָס עפּעס פאַר אַן'אינטערעסאַנטען אַלטיטשקען האָט איהר אַהער געבּראַכט, נאַטאַשאַ ...

נאַטאַשאַ. אינטערעסאַנטער פון אײַך... אַנדרײַ! די פרוי איז בײַ אונז אין קיך ... זאָלסט אַרײַנקומען נאָך איהר.

קלעשטש. גוט ... כ'װעל קומען ...

נאַטאַשאַ. דו האָסט געדאַרפט זיך אַ ביסעל ערגער מיט איהר בעגעהן ... עס איז דאָך שוין ניט לאַנג ...

קלעשטש. כ'װײס.

**נאטאשא.** דו ווייסט ... עס איז קנאפ צו וויסען, דו—פערשטעהע. שטארבען איז דאך עפעס שרעקליך ...

**פעפעל.** שון איך, זעהסטו—האב גאר קיין מורא ניט...

**נאטאשא.** שייך צו זאגען!.. א בריות'קייט ...

**בובנאוו.** (פייפט זיך).

און די פאדים איז עפעס פערפוילט ...

**פעפעל.** באמת, איך האב קיין מורא ניט! אפילו אין דער רגע — געה איך אנטקעגען דעם טויט! אדרבא, נעהמט א מעסער און דערלאנגט מיר אין הארצען ... וועל איך שטארבען—און קיין אך ניט געבען? אפילו—מיט שמחה וועל איך שטארבען, ווייל דער טויט וועט מיר זיין געקומען—פון א ריינע האנד...

**נאטאשא.** (געהט אוועק).

נו, איהר וועט שוין אנדערע פערדרעהען א קאפ...

**בובנאוו.** און די פאדים איז עפעס פערפוילט...

**נאטאשא.** (ביי דער פארהויז-טהיר).

פערגעס ניט, אנדריי, וועגען דיין ווייב ...

**קלעשטש.** גוט ...

**פעפעל.** א הערליך מעדעל!

**בובנאוו.** א מעדעל—נישקשה'דיג ...

**פעפעל.** וואס איז זי מיט מיר... עפעס אזוי? זי שטופט מיך אב ... אלץ איינס—וועט זי דא פערפאלען ווערען ...

**בובנאוו.** דורך דיר וועט זי אונטערגעהן ...

**פעפעל.** פארוואס — דורך מיר? איך האב שוין אויף איהר—שטארק רחמנות ...

**בובנאוו.** ווי א וואלף אויף א שעפעלע ...

**פעפעל.** א ליגענר! איך האב זעהר ... אויף איהר רחמנות ... זי לעבט דא זעהר שלעכט ... איך זעה ...

**קלעשטש.**ווארט נאר, וואסיליסא וועט דיך זעהן רעדענדיג מיט איהר ...

**בובנאוו.** וואסיליסא? י־יא, בחנם גיעט זי גאר נישט... א ווייב — אנ' אויסגעלאסענע ...

**פעפעל** (לעגט זיך אויף דער נארע).

נעהט בײדע צום טײוועל ··· נביאים!

קלעשטיש. דו וועסט שוין זעהן... וואַרט נאָר!..

לוקא. (אין קיך, זינגט זיך).
אין דער נאַ־אַכט זעהט מען נישט קײ־ײַן וועג ...

קלעשטיש (גײעהט־ארויס אין פאָרהויז).
זעהסט, ער בורצעט... אויך ...

פעפעל. עס איז מיר עפּעס באַנג... פאַרוואָס ווערט מיר
עפּעס באַנג? לעבסט־לעבסט, דאַכט זיך, אַלץ גוט! פלוצלונג —
הויבסטו אָן פריערען: עס ווערט אַזוי באַנג...

בובנאָוו. באַנג?

פעפעל. אַיי־אַיי

לוקא (זינגט).
עך, און מען זע־עהט ני־ניט קײ־ײַן וועג־עג...

פעפעל. אַלטער! אַיי!

לוקא (קוקט אַרויס פון טהיר).
דאָס מיינט מען מיך?

פעפעל. דו, זינג נישט.

לוקא (גײעהט אַרויס).
דו ליעבסט ניט?

פעפעל. בשעה מען זינגט גוט, ליעב איך...

לוקא. און איך, הייסט עס, זינג ניט גוט?

פעפעל. משמעות...

לוקא. זעהסט! און איך האָב געמיינט, אַז איך זינג גוט.
אט, זעהסטו, אַזוי איז תמיד: אַ מענש טראַכט וועגען זיך — איך
טהו גוט! און עס לאָזט זיך אויס—די מענשען זענען אונצופריעדען...

פעפעל (לאַכט). אַזוי! ריכטיג...

בובנאָוו. דו זאָגסט, דיר איז באַנג, און אַליין לאַכסטו.

פעפעל. וואָס ווילסטו אַזוינס? ראָב אַיינער...

לוקא. וועמען איז עס—באַנג?

פעפעל. אָט מיר אַליין טאַקי!...

(באַראָן גײעהט אַריין).

**לוקא.** זעהסטו! און דארט אין קיך, זיצט א מעדעל, ליינענט א בוך און וויינט! באמת! עס פליסען ביי איהר טרעהרען.. איך זאג איהר: ליעבענקע, צוליעב וואס, הא? און זי — א רחמנות! אויף וועמען איז א רחמנות, פרעג איך? אט, זאגט זי, אין ביכעל... אט מיט וואס א מענש איז זיך מתעסק, א? איהר איז אויך, א פנים באנג...

**באראן.** זי — איז א נאר...

**פעפעל.** באראן! טהעע האסטו געטרונקען?

**באראן.** געטרונקען... ווייטער!

**פעפעל.** ווילסט — שטעל איך א האלב פלעשעל?

**באראן.** עס פערשטעהט זיך... ווייטער!

**פעפעל.** שטעל זיך אוועק אויף די פיער־פיס און ביל, ווי א הונה!

**באראן.** שוטה! וואס ביסטו — א סוחר? אדער — א שכור?

**פעפעל.** נו ביל! איך וועל הנאה האבען דערפון... דו ביסט א פריץ... עס איז געווען א צייט, בשעת דו האסט אונזערען א ברודער פאר קיין מענשען ניט געהאלטען... פונדעסטוועגען...

**באראן.** נו, ווייטער?

**פעפעל.** וואס־זשע? און איצט בילסטו פאר מיר, ווי א הונד... דו וועסט עס דאך טהון?

**באראן.** נו, איך וועל עס טהון! גולם. וואס פאר הנאה קאנסטו פון דעם אנ' ערך האבען, ווען איך וויים אליין, אז איך בין דא שיער ניט געווארען ערגער פון דיר? פרובּ האיים מיר געהן אויף אלע פיער, ווען איך וואלט ניט געווען גלייך צו דיר...

**בובנאוו.** ריכטיג!

**לוקא.** און איך זאג — גוט!

**בובנאוו.** וואס עס איז געווען — איז געווען, געבליבען — זענען סאמע נארישקייטען... דא זענען קיין אדונים ניטא... אלץ האט זיך צונויפגעגאסען, עס איז געווארען איין נאקעטער מענש...

**לוקא.** אלע, היישט עס, זענען גלייך... און דו, ליעבער, ביסט געווען א באראן?

**באראָן.** וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שלאַק? ווער ביסטו שר?

**לוקא.** (לאַכט).
איך האָב געזעהן אַ גראַף, איך האָב אויך געזעהן אַ פֿירסט... אַ באַראָן—בעגעגען איך דאָס ערשטע מאָל, און דאָס אויך אַ פֿער־דאָרבענעם...

**פעפעל.** (לאַכט).
באַראָן! און דו האָסט מיך מביש געווען...

**באראָן.** עס איז שוין צייט קליגער צו ווערען, וואַסילי.

**לוקא.** עך־חע! איך וועל נאָך אַ קוק געבען אויף אייך, ברידער,—אייער לעבען—אָי־אָי!..

**בובנאוו.** אַ לעבען, קוים שטעהסטו אויף אין דער פֿריה הערסטו גלייך אַ יללה...

**באראָן.** מיר האָבען אַ מאָל געלעבט בעסער... יאָ! איך... פֿלעגט טרעפֿען... פֿלעג זיך אויפֿחאַפּען אין דער פֿריה און נאָך ליגענדיג אין בעט, שוין טרינקען קאַווע... קאַווע! — מיט סמעטענע... יאָ!

**לוקא.** און דאָך—מענשען! ווי דו זאָלסט זיך ניט פֿער־שטעלען, ווי דו זאָלסט זיך ניט פֿערשעלטען, אַ מענש ביסטו געבוירען און אַ מענש וועסטו שטאַרבען... און איך קוק אַלץ און זעה, אַז די מענשען ווערען אַלץ קלוגער, אינטערעסאַנטער... חאָטש זיי לעבען וואָס ווייטער ערגער, דאָך ווילען זיי אַלץ בע־סער... עקשנים!

**באראָן.** ווער ביסטו אַזוינס, אַלטער? פֿון וואַנען קומסטו?

**לוקא.** איך?

**באראָן.** אַ וואַנדערער?

**לוקא.** אלע זענען מיר וואַנדערער אויף דער ערד... איך האָב געהערט שמועסען, דאָס אונזער ערד וואַנדערט אויך אַרום אין הימעל.

**באראָן.** (שטרענג).
זאָל זיין אַזוי, נו, און—אַ פּאַספּאָרט האָבטו?

**לוקא.** (פּאַמעלעך).
און ווער ביסטו, — אַ שפּיאָן?

**פּעפּעל.** (מיט שמחה).
בראַוואָ, אַלטער! וואָס, באַראָן, האָסט אויך געהאַפּט אַ חלק?

**בובנאוו.** האָסט בעקומען פּריץ...

**באראן.** (פערשעמט).
נו, וואָס איז דען דאָ? איך .... שפּאַס, אַלטער! איך, מיין גרודער, האָב אַליין אויך קיין דאָקומענטען ניט...

**בובנאוו.** זאָגסט אַ ליגענד!

**באראן.** עס הייסט... איך האָב יאָ פּאַפּירען... נאָר — אַי טויגען אויף כפּרות...

**לוקא.** זיי, די פּאַפּירלעך, זענען אַלע אַזוי... טויגען אַלע אויף כפּרות...

**פּעפּעל.** באַראָן! קום לאָמיר געהן אין טראַקטיר...

**באראן.** איך בין בערייט! נו, זיי געזונד, אַלטער... ביסט מיר אַ גוטער ליץ!

**לוקא.** אַלץ קאָן טרעפען, געליבטער...

**פּעפּעל.** (ביי דער פאָרהויז-טהיר).
נו, מיר געהען, וואָס! (געהט-אָב, באַראָן געהט שנעל אַרויס נאָך איהם).

**לוקא.** איז טאַקי דער מענש מיט אַנ'אמת געוועזען אַ באַראָן?

**בובנאוו.** ווער ווייס איהם? אַ פּריץ איז ער אויף געוויס געוועזען... . איצט נאָך ווייזט ער אויס זעהר אָפּט, ווי אַ פּריץ, אַ פּנים, נאָך ניט אָבגעוואויהנט.

**לוקא.** די פּריצות איז אַקוראַט, ווי פּאָקען... אפילו ווען דער מענש הייֿלט זיך שוין אויס פון דער קרענק, סימנים בלייבען אַלץ איבער...

**בובנאוו.** פונדעסטוועגען איז ער נישקשה'דיג... אָפּטמאָל בריקעוועט ער זיך אפילו... ווי אַ שטייגער אָקאָרשט מכּח דעם פּאַספּאָרט...

**אלעשקא.** (געהט אַריין אַ שכּור'ער, מיט אַ האַרמאָניקע אין די הענד, פּייפט). איי שכנים!

**בובנאוו.** וואָס שרייסטו?

**אלעשקא.** ענטשולדיגט... זייט מיר מוחל! איך בין אַ מענש אַנ'עדעלער...

**בובנאוו.** שוין ווייטער געקול'עט?

**אלעשקא.** וויפיעל דו ווילסט! אָקאָרשט האָט מיך דער פריסטאָוו=געהילף מעדיאַקין אַרויסגעוואָרפען פון צירקעל אין האָט געזאָגט: דו הערסט, זאָלסט דיינע אויגען אויפ'ן גאַס ניט בעווייזען!.. איך — בין אַ מענש מיט אַ כאַראַקטער... און דער בעל=הבית נישט... און וואָס איז אַזוינס — אַ בעל=הבית? פע=פע! אַ פשוט'ער טעות... אַ גרויסער שכור, דער בעל=הבית הייסט עס... און איך בין אַזאַ מענש, דאָס... איך וויל לגמרי גאָר נישט! גאָר נישט וויל איך און — באַסטאָ! נאַ, קויף מיך אָב פאַר אַ רובל פאַר צוואַנציג קאָפּיקעס! און איך — וויל גאָר נישט. (נאַסטיא געהט=ארויס פון קיך). גיעב מיר אַ מיליאָן — און איך וועל נישט נעהמען!.. און אַז מען וואָלט מיט מיר קאָמאַנדירט, ווי מיט אַנ'עהרליכען מאַן... אַ שכור, איך וויל גאָר נישט! איך וויל גאָר נישט!..

(נאַסטיא שטעהט אין טהיר און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, קוקענדיג אויף אַלעשקאַ'ן).

**לוקא.** (גוטמיטהיג).
עך, בחור, האָסט זיך פערפלאָנטערט...

**בובנאוו.** אַ מענשליכע נאַרישקייט...

**אלעשקא.** (ליגט זיך אַוועק אויף דער ערד).
נאַ, עס מיך אויף! און איך — וויל גאָר נישט. איך — בין אַ פערצווייפעלטער מענש! ערקלערט מיר, אַ שטייגער, פון וועמען בין איך ערגער? פאַרוואָס בין איך ערגער פון אַנדערע? אַ שענע מעשה! מעדיאַניק זאָגט מיר: געה ניט אין גאַס, איך וועל דיר צוהאַקען דיין מאָרדע! און איך — וועל געהן... איך וועל געהן און זיך לעגען אין מיטען גאַס — אויף זיינע צו להכעיס! איך — וויל גאָר נישט!

**נאסטיא.** אומגליקליכער!.. נאָך גאָר אַ יונגער, און שוין... אַזוי צוּבראָכען...

**אלעשקא.** (דערזעהט זי און שטעלט זיך אויף די קניען).
פריילין! מאַמזעל! פּאַרלע פראַנסע... פרייס=קוראַנט! אי האָב איך זיך צוהוליעט...

**נאסטיא.** (שעפטשעט לויט) וואַסיליסאַ!

**וואסיליסא.** (עפּענט שנעל אויף די טהיר צו אלעשקאן).
דו ביסט שוין ווידער דאָ?

**אלעשקא.** אַ גוטען מאָרגען ... מײַנטוועגען ...

**וואסיליסא.** איך האָב דיר דאָך איין מאָל פאַר אַלע מאָל געזאָגט, חזיר אײנער, דײַן דוך זאָל דאָ ניט זײַן ... און דו ביסט ווידער געקומען?

**אלעשקא.** וואַסיליסאַ ... העָר=זשע אפשר ווילסטו ... איך זועל דיר שפּיעלען דעם בעגראָבונגס=מאַרש?

**וואסיליסא.** (שלעפּט איהם פאַר דער פּלײצע). אַרויס!

**אלעשקא.** (רוקט זיך אָב צו דער טהיר).
שטעה... וואַרט=זשע... אַזוי געהט עס ניט! דעם בעגראָבונגס=מאַרש... ערשט די טעג אויסגעלערנט! א פרישינקע מוזיק... וואַרט אַ רגע! אַזוי געהט עס ניט!

**וואסיליסא.** איך וועל דיר ווײַזען—עס געהט ניט... איך זועל אָנרײַצען אויף דיר די גאַנצע גאַס... דו פערשאָלטענער בעצענדיענער ... וואָס האָסטו זיך דאָ אַנידערגעשטעלט שעלטען...

**אלעשקא.** (אַרויסלויפענדיג).
נו, אָט געה איך, אָט געה איך...

**וואסיליסא.** (צו בובנאָוון).
זײַן פוס זאָל דאָ ניט זײַן! הערסט?

**בובנאוו.** איך בין דיר דאָ קײן שומר ניט...

**וואסיליסא.** מיר איז קײן עסק ניט, ווער דו ביסט אַזוינס! דו לעבסט, דוכט זיך, פון מײַן חסד, פערגעס עס ניט! וויפיעל אַנ'ערך ביסטו מיר שולדיג?

**בובנאוו.** (געלאַסען).
איך האָב ניט בערעכענט...

**וואסיליסא.** וואַרט, איך וועל בערעכענען!

**אלעשקא.** (עפענט די טהיר, שרײַט),
וואַסיליסאַ! איך האָב פאַר דיר קײן מורא ניט... קײן מורא ניט! (בעהאַלט זיך).

**לוקא.** (לאַכט).

וואסיליסא. ווער ביסטו אַזוינס?..
לוקא. אַ דורכגעהער... אַ וואַנדערער...
וואסיליסא. איבערצונעכטיגען אָדער צו וואוינען?
לוקא. איך וועל נאָך זעהן...
וואסיליסא. אַ פּאַשפּאָרט!
לוקא. האָב איך...
וואסיליסא. גיעב אַהער!
לוקא. איך וועל דיר ברענגען... איך וועל איהם אַריינ־שלעפּען צו דיר אין שטוב...
וואסיליסא. אַ פאַרבייגעהער... אויך! וואָלסט געזאָגט אַ וואַנדערער... וואָלט עפּעס געווען ריכטיגער, עפּעס נעהענטער צום אמת...
לוקא. (זיפצט).
אַך, ביסט גאָר ניט קיין גאָלד, מיין מוטער...
(וואסיליסא געהט צו צו די טהיר פון פּעפּעל'ס צימער, אַלעשקא קוקט־ארוים פון קיך און שעפּטשעט: „אַוועקגעגאַנגען? האַ?").
וואסיליסא. (קעהרט זיך אום צו איהם).
וואס, דו ביסט נאָך דאָ?
(אַלעשקא בעהאַלט זיך, פייפט · נאַסטיא און לוקא לאַכען).
בובנאוו. (צו וואסיליסע'ן).
ער איז ניטאָ...
וואסיליסא. ווער?
בובנאוו. וואַסקע...
וואסיליסא. איך האָב דיך וועגען איהם געפרעגט?
בובנאוו. איך זעה עפּעס... קוקסט אומעטום...
וואסיליסא. איך קוק וואס דאָ טהוט זיך, האָסט פער־שטאַנען? וואס איז עס עפּעס ביי נאָך ניט אויסגעקעהרט? וויפיעל מאָל האָב איך געהייסען, עס זאָל דאָ זיין ריין?
בובנאוו. דער אַקטיאָר האָט געראַפט אויסקעהרען...
וואסיליסא. עס איז ניט מיין עסק, ווער עס דאַרף קעהרען! וואס וועט אייגענטליך זיין, אז די סאַניטאַרען וועלען קומען און אַרויפ־לעגען אַ שטראָף? דערמאָלט... אייך אַלעמען—אַרויס, וואָן!

**בּוּבּנאָוו.** (רוהיג).
און פון וואַנען וועסטו לעבּען?

**וואַסיליסא.** עס זאָל קיין קויט ניט זיין! (געהט אריין אין קיך, צו נאַסטיא). וואָס קראַצסטו זיך דאָ? וואָס דיין צורה איז דיר געשוואָלען? וואָס שטעהסטו ווי אַ ליימענער גולם? קעהר־אויס די דיעל! נאַסטאַליען... האָסטו געזעהן? זי איז דאָ געווען?

**נאַסטיא.** איך ווייס ניט... איך האָב ניט געזעהן...

**וואַסיליסא.** בּובּנאָוו! די שוועסטער איז דאָ געווען?

**בּוּבּנאָוו.** אַ גוטע זאַך... זי האָט דאָך דעם אַהער געבּראַכט...

**וואַסיליסא.** אָט דער... איז געווען אין דער היים?

**בּוּבּנאָוו.** וואַסילי? געווען... נאַטאַליא האָט דאָ עפּעס גערעדט מיט קלעשטש...

**וואַסיליסא.** איך פרעג דיך דאָך ניט מיט וועמען! שמוץ איז אומעטום... שמוץ! עך, איהר... חזרים! ריין זאָל זיין אין שטוב... איהר הערט! (געהט שנעל אָב).

**בּוּבּנאָוו.** אָי איז דאָס אַ חיה, אָט די באַבּע!

**נאַסטיא.** אין אַזאַ לעבּען קאָן מען ווערען פערווילדעט... פערבּינד אַ לעבּעדיגען מענשען מיט אַזאַ מאַן, ווי איהרער...

**בּוּבּנאָוו.** אָהן סכנות, זי איז גאָר ניט אַזוי פעסט צוגעבּונדען...

**לוּקא.** שטענדיג... שפּרינגט זי אַזוי פון דער הויט?

**בּוּבּנאָוו.** שטענדיג... פערשטעהסט, זי איז געקומען צו איהר געליעבּטען, און איהם ניט געטראָפען...

**לוּקא.** איז איהר, הייסט עס, באַנג געוואָרען. אָכאָ־כאָ! וויפיעל פערשיעדענע אומות עס בעלי־בּת'וועןן אויף דער וועלט... און סטראַשען איינע די אַנדערע מיט אַלערליי שרעק, פונדעסטוועגען איז קיין אָרדנונג ניטאָ אין לעבּען... און ריינקייט איז אויך ניטאָ...

**בּוּבּנאָוו.** אַז אַלעמען וועט זיך וועלען אָרדנונג וואו וועט זיך נעהמען אויף דער וועלט אַזוי פיעל פערשטאַנד?.. פונדעסטוועגען דאַרף מען אויסקעהרען... נאַסטיאַ! דו האָסט עס געקאָנט טהון...

**נאַסטיא.** נו יאָ, וואָס דען! אַ דיענסט בּין איך אויך דאָ...

(נאָך א קורצער פּויזע), וועל איך זיך היינט אָנשכּור'ן... עס וועט שוין זיין איין מאָל געשכּור'ט!

**בובנאוו.** און דאָס—איז אויך אנ'ענין...

**לוקא.** פּאַרוואָס, אייגענטליך, ווילט זיך דיר איצט שכּור'ן? אָקערשט ערשט האָסטו דאָך געוויינט, איצט זאָגסטו שוין, איך וועל זיך אָנשכּור'ן!

**נאַסטיא.** (אַרויסרופענד).
און איך וועל זיך אָנשכּור'ן, דערנאָך ווידער וויינען... און מעהר גאָר נישט!

**בובנאוו.** ניט לאַנג...

**לוקא.** זאָג מיר, צוליעב וועלכער סבּה, אייגענטליך? אָהן וועלכער עס איז סבּה ווערט קיין פּרישטיק אויך ניט...

(נאַסטיא שווייגט, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ).

**לוקא.** אזוי... עך-חע... מיינע הערצען מענשען! און וואָס וועט פון אייך זיין?.. נו איך וועל חאָטש דאָ אַביסעל אויסקעהרען, וואו איז דאָ אייער בעזים?

**בובנאוו.** הינטער'ן טהיר, אין פאָרהויז...

(לוקא געהט אַרויס אין פאָרהויז).

**בובנאוו.** נאַסטענקאַ!

**נאַסטיא.** האַ?

**בובנאוו.** פאַרוואָס איז וואַסיליסאַ אזוי אָנגעפאַלען אויף אַלעשקאַ?

**נאַסטיא.** ער האָט געזאָגט, אז זי האָט שוין דערעסען וואַסקאַ און ער וויל זי אַוועקוואַרפען... און נעהמען נאַטאַשאַ'ן... איך וועל פון דאַנען אַוועק... אויף אַנ'אַנדער דירה.

**בובנאוו.** צו וואָס? וואוהין?

**נאַסטיא.** עס האָט מיר שוין אלץ דערעסען... איך בין דאָ עפּעס אַנ'איבעריגע...

**בובנאוו.** (רוהיג).
דו ביסט אומעטום אַנ'איבעריגע... יאָ, אלע מענשען זענען אויף דער וועלט—איבעריגע...

(נאַסטיאַ שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, געהט אַרויס שטילערהייד אין פאָרהויז, מעדוועדיעוו קומט אַריין. נאָך איהם קומט אַריין לוקאַ מיט אַבעזים אין האַנד).

מעדוועדיעוו. עפּעס שײַנט מיר, אז איך קען דיך ניט...
לוקא. און די איבעריגע מענשען—קענסטו אלעמען?
מעדוועדיעוו. אין מײַן אוטשאַסטאָק מוז איך אַלעמען קענען... זעהסטו און דיך—קען איך ניט...
לוקא. דאָס איז דערפֿאַר, פֿעטער, וואָס די גאַנצע וועלט האָט זיך ניט געקענט אײַנקאָרטשען אין דײַן אוטשאַסטאָק... (געהט ארויס אין קיך).
מעדוועדיעוו. (געהט-צו צו בובנאָוו'ן).
אמת טאַקי, מײַן אוטשאַסטאָק איז ניט קיין גרויסער... חאָטש ער איז ערגער פֿון אַנ'אַנדער גרויסען אוטשאַסטאָק... אקאָרשט בשעת איך האָב געענדיגט מײַן דעזשורסטוואָ האָב איך אַוועקגעפֿיהרט אין צירקעל דעם שוסטער אַלעשקאַ... ער האָט זיך אַוועקגעלעגט, פֿערשטעהט איהר מיך, אין מיטען גאַס שפּילט אויף האַרמאָניקע און שרײַט: גאָר נישט וויל איך און גאָר נישט פֿערלאַנג איך! עס פֿאָהרען דאָך פֿערד און בכלל—עפּעס אַ בעוועגונג... מען קאָן איהם דאָך צוטראַמפּלען, אַריבערפֿאָהרען וכדומה... האָט ליעב צו מאַכען סקאַנדאַלען... ער ליעבט שטאַרק צו בושעווען און אונאָרדנונגען צו מאַכען...
בובנאָוו. וועסט קומען אין אָבענד שפּילען אין דאַמקעס?
מעדוועדיעוו. וועל קומען. וואָס איז... מיט וואַסקאַ'ן?
בובנאָוו. גאָר נישט... אַלץ ווי געוועזען...
מעדוועדיעוו. עס הײַסט... ער לעבט?
בובנאָוו. פֿאַרוואָס זאָל ער נישט לעבען? ער קאָן לעבען...
מעדוועדיעוו. (צווייפֿעלענדיג).
ער קאָן? (לוקא געהט אַרויס פֿון פֿאָרהויז מיט אַנ'עמער אין האַנד).
דאָ... שמועסט מען... מכח וואַסקאַ'ן... האָסט גאָר נישט געהערט?
בובנאָוו. איך הער פֿערשיעדענע שמועסען...
מעדוועדיעוו. מכח וואַסיליסאַ'ן, עפּעס... האָסטו גאָר נישט בעמערקט?
בובנאָוו. וואָס אַזוינס?
מעדוועדיעוו. סתם אַזוי... בכלל... עס קאָן זײַן, אַז דו ווייסט און זאָגסט ליגענד? אלע ווייסען דאָך... (שטרענג), ברודער, מען טאָר קיין ליגענד ניט זאָגען...

**בובנאָוו.** צו וואָס ברויך איך זאָגען ליגענר!

**מעדוועדיעוו.** אָט־אָט!.. אך, כלבים! הערען ניט אויף צו שטורעמען: וואַסקאַ מיט וואַסיליסאַ'ן... מײַן עסק? איך בין דאָך ניט איהר טאַטע, איך בין איהר נישט מעהר — ווי אַ פֿעטער... פֿאַרוואָס לאַכט מען איבער מיר... (קוואשניא געהט אַרײַן). אַ מערק־ווירדיג פֿאָלק געוואָרען... איבער אַלעמען לאַכט מען... אַ־האַ! דו ביסט געקומען...

**קוואשניא.** בובנאָוו! ער איז ווידער צו מיר צוגעשטאַנען אויפֿ'ן מאַרק איך זאָל חתונה האָבען מיט איהם...

**בובנאָוו.** אדרבה... אויף וואָס וואַרטסטו? ער האָט געלד און אַ קאַוואַליער איז ער נאָך אַ גאַנץ פֿעסטער...

**מעדוועדיעוו.** איך־טם! חאַ־חאַ!

**קוואשניא.** אך דו. שלעכטער! ניין, ריהר מיך ניט אָן מײַן וואונד! אזא זאַך איז מיר שוין פֿאָרגעקומען... איז פֿאַר אַ פֿרוי — אקוראַט, ווי אַרײַנצושפּרינגען ווינטער אין אַן'אײַז־לאָך! טהוסט עס איין מאָל, — ווּעסטו עס געדענקען דאָס גאַנצע לעבען...

**מעדוועדיעוו.** דו—וואַרט אַ ביסעל... מענער — זענען פֿאַרהאַן פֿערשיעדענע.

**קוואשניא.** מיר איז שוין אלץ איינס! בשעת מײַן מאַן איז מיר אָבגעשטאָרבען בין איך אַ גאַנצען טאָג אָבגעזעסען אליין: איך זיץ און איך גלויב אַלץ ניט אין מײַן גליק...

**מעדוועדיעוו.** ווען דײַן מאַן האָט דיך געשלאָגען... האָסטו אַ שטײַגער, געראַרפֿט קומען זיך קלאָגען אין פּאָליציי...

**קוואשניא.** איך האָב זיך געקלאָגט פֿאַר גאָט 8 יאָהר— און עס האָט אויך נישט געהאָלפֿען!

**מעדוועדיעוו.** איצט טאָר מען קיין ווײַבער ניט שלאָגען... איצט הערשט אומעטום — שטרענגקײַט און געזעץ — אַנ'אמת'ע אָרדנונג! קיינעם, אַ שטײַגער, טאָר מען ניט שלאָגען... שלאָגען שלאָגט מען יאָ — צוליעב אָרדנונג...

**לוקא.** (פֿיהרט אַרײַן אַנאַ'ן).

גו, אָט זענען מיר שוין דערקראָכען... עך דו, ווי קאָן דען אזא שוואַכע אַלײַן געהן? וואו איז דײַן אָרט?

**אַנאַ.** (אָנווײַזענדיג). אַ דאַנק דיר, זיידע...

קוואשניא. גיעט א קוק! אָט זי—האָט חתונה געהאַט...
לוקא. זי איז זעהר א שוואַכֿע... געהט אַרום איבער'ן פֿאַר-הויז, פֿערטשעפּעט זיך אָן וואַנד און — קרעכֿצט... פֿאַרוואָס-זשע לאָזט איהר זי אַליין?
קוואשניא. זייט מוחל, פֿעטער, מיר האָבען ניט בעמערקט! די דיענסט איז, משמעות, אַוועקגעגאַנגען שפּאַציערען...
לוקא. דו—לאַכֿסט... קאָן מען דען, אָבער, אַ מענשען אַזוי אַוועקוואַרפֿען? אַ מענש—וואָס ער זאָל ניט זיין—אַלץ האָט ער זיין ווערט...
מעדוועדיעוו. זי בעדאַרף השגחה! פּלוצלונג—שטאַרבט זי — אפשר — מען דאַרף אַכֿטונג געבען!
לוקא. ריכֿטיג, העררר אונטער...
מעדוועדיעוו. עט... איך בין נאָך ניט קיין גאַנצער אונטער...
לוקא. נו-נו? און דאָס אויסזעהן—פֿון עפּעס אַ גבור!
(אין פֿאָרהויז הערט זיך אַ ליאַרם. מען הערט דומפּפֿע קולות).
מעדוועדיעוו. אַנדערש ניט — אַ סקאַנדאַל?
בובנאָוו. א פנים...
קוואשניא. מען דאַרף געהן אַ קוק טהון...
מעדוועדיעוו. אויך איך מוז געהן... עך, „סלוזשבאַ”! צו וואָס מישט מען זיך אַריין בשעת מענשען שלאָגען זיך? זיי זאָלטען דאָך אַליין אויפֿגעהערט... מען ווערט אָנגעמאַטערט פֿון שלאָגען... מען דאַרף לאָזען זיך שלאָגען וויפֿיעל עס גלוסט זיך... דעמאָלט וואָלט מען זיך וועניגער געשלאָגען אויף דער וועלט, ווייל די קלעפּ וואָלט מען גאַנץ גוט געדענקען...
בובנאָוו. (קריכֿט אַרונטער פֿון דער נאַרע).
רעדט זיך דורך מכח דעם מיט דער נאַטשאַלסטוואָ...
קאַסטיליאָוו. (אויפֿעפֿענענדיג די טהיר, שרייט).
אַבראַהם! געה... וואַסיליסאַ נאַטאַשקע'ן הרגעט מען... געה!
(קוואשניא, מעדוועדיעוו, בובנאָוו לויפֿען-אַרויס אין פֿאָרהויז, לוקא שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, קוקט זיי נאָך).
אנא. אָ, גאָט... אָרעמע נאַטאַשענקע!

**לוקא.** ווער שלאָגט זיך דאָרט?

**אנא.** די בעל=בית'טעס ... די שוועסטער ...

**לוקא.** (געהט-צו צו אַנאַ'ן).

צו וואָס טהון זיי עס?

**אנא.** אַזוי שטענדיג ... זאַטע ביידע ... געזונדטע ...

**לוקא.** ווי=זשע רופט מען דיך?

**אנא.** אַנאַ ... איך קוק אויף דיר ... ביסט עפּעס ענליך צו מיין פאָטער ... צום פעטער ... אַזאַ גוטער ... אַזאַ ווייכער ...

**לוקא.** מען האָט אַ סך געקייט, דערפאַר בין איך ... ווייך ...

(לאַנגע [illegible] געלעכטער).

פאָרהאַנג

---

# צווייטער אַקט.

די ביהנע—ווי אין ערשטען אקט, אווענד, ארום אויווען אויף אַ נאַרע זיצען: סאטין, באַראָן, קריוואָי זאָב, און טאטאַרין. זיי שפּילען אין קאָרטען. קלעשטש און אַקטיאָר קוקען זיך צו ווי זיי שפּילען. בובנאָוו זיצט אויף זיין נארע און שפּילט מיט מעדוועדיעוון אין אַ דאַמקע. לוקא זיצט אויף אַ בענקעל, עבען אַ נאַס בעט. צוויי לאָמפּען באַלייכטען דעם צימער! איינער הענגט אויפ׳ן וואַנט איבער די קאָרטען שפּילער, דער צווייטער—איבער בובנאָווס נאַרע. ס׳הערט זיך אַ געזאַנג.

(לאנגזאם און זעהר רוהיג הערט זיך איין שטימע). עס געהט אויף די זון און אונטער, (אַלע). און אין טורמע איז אַלץ פינסטער. טאָג און נאַכט די שומרים, (איין שטימע), יאָ, ע—עך! (אַלע), היטען אַב מיין פענסטער.

(איין שטימע). וויפיעל איהר ווילט קאָנט איהר אייך היטען, (אַלע), ענטלויפען קאָן איך דאָך ניט, עס ווילט זיך מיר פרייהייט (איין שטימע), א ע—עך, (אַלע). צורייסען די קעטען קאָן איך דאָך ניט.

**טאטארין.** נאָך איין מאָל שפּיעל איך, מעהר שוין ניט...

**בובנאוו.** זאָב! זינג (צווינגט זיך). עס געהט אויף די זון און אונטער...

**קריוואי זאָב.** (חאפט אונטער). און אין מיין טורמע איז פינסטער...

**טאטארין** (צו סאטין). טאַש־אוים די קאָרטען! גוט טאַש־אוים! מיר וויסען, וואָס דו ביסט פאַר א פויגעל...

**בובנאוו און קריוואי זאָב** (צוזאַמען). טאָג און נאַכט די שומרים — ע—עך! היטען־אָב מיין פענסטער...

**אנא.** קלעפּ... בזיונות... זלזולים... א חוץ דעם—האָב איך גאָר נישט געזעהן... גאָר נישט געזעהן!

**לוקא.** עך, פויגעלע! פערבענק זיך ניט!

**מעדוועדיעוו.** וואוהין געהסטו? גיב נאָר א קוק!..

**בובנאוו.** האַ—האַ! אַזוי, אַזוי, אַזוי...

**טאטארין.** (סטראַשעט סאַטין מיט'ן קולאַק), פאַרוואָס ווילסטו בעהאַלטען די קאָרטען? איך זעה... ע, דו!

**קריוואי זאָב.** וואַרף אַוועק, אסאַן! אַלץ איינס וועלען מיר פערשפּיעלען.. בובנאָוו, הויב־אָן!

**אנא.** איך געדענק ניט, ווען בין איך געוועזן זאַט... איבער יעדען שטיקעל ברויט האָב איך זיך געטרייסעלט... מיין גאַנץ לעבען האָב איך געציטערט... זיך געמאַטערט... צו פיעל ניט צו עסען... דאָס גאַנצע לעבען בין איך געגאַנגען אין שמאַטעס... מיין גאַנץ אומגליקליך לעבען... פאַרוואָס?

**לוקא.** עך דו, קינד! ביסט פערמאַטערט? גאָר נישט!

**אקטיאר** (צו קריוואי זאב). געה מיט'ן וואלעט... מיט'ן וואלעט, טייוועל!

**באראן**. און מיר האבען גאר — אקעניג.

**קלעשטש**. שטענדיג שלאגען זיי זיך.

**סאטין**. דאס איז שוין ביי זונז אזא רגילות...

**מעדוועדיעוו**. א דאמקע!

**בובנאוו**. איך האב אויך... נ — נוי...

**אנא**. באלד וועל איך שטארבען...

**קלעשטש**. זעהסט, זעהסט ווי! פירסט, ווארף אוועק דאס שפיעל! ווארף אוועק, איך הייס דיר!

**אקטיאר**. אהן דיר פערשטעהט ער גאר גישט?

**באראן**. אנדריושקא, גיעב אכטונג, איך זאל דיך ניט משלח זיין צום טייוועל!

**סאטארין**. לאמיר נאך אמאל! דער קרוג איז געגאנגען נאך וואסער, האט ער זיך צובראכען... מיט מיר איז אויך גע־ וועזן דאס זעלבע!

**קלעשטש** (שאקעלט מיט'ן קאפ, געהט צו צו בובנאוו'ן).

**אנא**. איך טראכט אלץ: גאט! איז מיר אויך אויף יענער וועלט בעשטימט צו ליידען? איז עס מעגליך, דאס אויך דארט?

**לוקא**. עס וועט גאר נישט זיין! ליג, וויים! גאר נישט. דארט וועסטו זיך אפרוהען!... לייד נאך. אלע, טייערע, ליידען..! יעדער אויף זיין שטייגער ליידט־אב דאס לעבען. (שטעהט־אויף און געהט ארויין גיך אין קיך).

**בובנאוו** (זינגט). וויפיעל איהר ווילט קאנט איהר אייך היטען...

**קריוואי־זאב**. ענטלויפען קאן איך דאך ניט...
(צוויי שטימען)
עס ווילט זיך מיר פרייהייט... עך!
צו רייסען די קעטען קאן איך דאך ניט.

**סאטין** (שרייט). אהא! האסט אריינגעפאקט א קארט אין ארבעל.

**באראן** (פערשעמט). נו... וואס זאל איך ביי דיר אין נאז אריינפאקען?

**אקטיאר** (איבערצייגענד). פירסט! האָסט זיך טועה געוועןֻ... קיינער, קיין מאָל ניט...

**טאטארין.** איך האָב אַליין געזעהן! ושוליק! איך וועל מעהר ניט שפּיעלן!

**סאטין** (קלויבט צונויף די קאָרטען). דו, אסאַן טשעפּע זיך אָב... אַז מיר זענען ושוליקעס ווייסטו דאָך· איז דאָך די שאלה, צו וואָס האָסטו געשפּיעלט?

**באראן.** האָסט פערשפּילט צוויי פערציגערס און אַ ליאַרעם מאַכסטו...

**טאטארין.** (הייס). שפּילען מוז מען עהרליך!

**סאטין.** צו וואָס בעדאַרף מען דאָס?

**טאטארין.** וואָס הייסט צו וואָס?

**סאטין.** סתם אַזוי... צו וואָס?

**טאטארין.** דו ווייסט נישט?

**סאטין.** איך ווייס נישט, און דו ווייסט? (טאַטאַרין שפּייט פאר כעס, אַלע לאַכען איבער איהם).

**קריוואי זאב** (גוטהערציג). דו ביסט עפּעס אַ טשיקאַווער, אסאַן! דו—פערשטעה! קוים הויבען זיי אָן עהרליך צו לעבען, וועלען זיי אין דריי טעג פגר'ן פאַר הונגער...

**טאטארין.** דאָס איז ניט מיין עסק! מען דאַרף עהרליך לעבען!..

**קריוואי זאב.** עך, קומט בעסער טהע טרינקען... בובען!

און—עך די קעטען, מיינע קעטען...

**בובנאוו.** אָ איהר אייזערנע שומרים...

**קריוואי זאב.** קום, אַסאַנקע! (געהט אָב, זינגענדיג). מען וועט מיך ניט אָבריַיסען, מען וועט אייך ניט צושלאָגען...

(טאטארין סטראשעט באראָן מיט'ן קולאַק און געהט אַרוים נאָך קריוואי זאב).

**סאטין** (צום באראָן, לאַכענדיג). איהר זייד ווידער אַריינ־געקראָכען אין אַ זומפּף! אַ געבילדעטער מענש, און קאָן קיין קאָרט ניט איבערדרעהען...

**באראן** (פאנאנדערגעהמענדיג די הענד)· דער טייוועל ווייס, ווי זי...

אקטיאר. האָסט קיין טאַלענט ניט ... האָסט קיין אמונה ניט אין זיך ... און אָהן דעם ... איז שטענדיג גאָר נישט ...
מעדוועדיעוו. איך האָב איין דאַמקע ... און דו האָסט צוויי ... עס!
בובנאוו. קוים איז זי נאָר — קלוג — איז איינע אויך ניט שלעכט ... גוט.
קלעשטש. איהר האָט פערשפיעלט, אַבראַהם איוואַניטש!
מעדוועדיעוו. ניט דיין עסק ... פערשטאַנען? און שטום ...
סאטין. דאָס געווינס איז 53 קאָפּיקעס.
אקטיאר. דריי קאָפּיקעס געהערט מיר ... און, איבעריגענס, צו וואָס דאַרף איך דריי קאָפּיקעס?
לוקא (געהט אַרויס פון קיך). נו איהר האָט דעם טאַטאַרין גוט אָבגעשוינדעלט. און בראָנפען טרינקען וועט איהר געהן?
באראָן. קום מיט אונז!
סאטין. כדי צו זעהן, ווי דו זעהסט אויס אַ שכור'ער?
לוקא. ניט בעסער ווי ניכטערערהייט ...
אקטיאר. קום, אַלטער ... איך וועל פאַר דיר דעקלאַמירען קופּלעטען ...
לוקא. וואָס איז דאָס אַזוינס?
אקטיאר. שירים אַזוינע, — פערשטעהסט?
לוקא. שירים! צו וואָס טויגען זיי מיר, אָט די שירים!
אקטיאר. זיי מאַכען — פרעהליך, לוסטיג ... אָפּטמאָל — טרויעריג ...
סאטין. נו, קופּלעטיסט, געהסט? (געהט אָב מיט באראָן).
אקטיאר. איך געה... איך וועל אייך שוין אונטעריאָגען! אָט, למשל, אַלטער, וועל איך דעקלאַמירען אַ שיר ... דעם אָנהויב האָב איך פערגעסען ... פערגעסען! (רייבט זיך דעם שטערען).
בובנאוו. פאַרטיג! פערלוירען דיין דאַמקע ... געה!
מעדוועדיעוו. איך בין גאָר אַהין ניט געגאַנגען ...
אקטיאר. אַ מאָל, איידער מיין אָרגאַניזם איז פערסם'ט געוואָרען פון אַלקאָהאָל, האָב איך געהאַט, אַלטער, אַ גוטען זכרון ... איצט, אָבער ... איז געקומען אַ סוף, ברידער! אַליין

האָט זיך פֿאַר מיר געענדיגט. דעם שיר פֿלעג איך שטענדיג דעקלאַמירען מיט גרויס ערפֿאָלג... אונטער אַ דונער פֿון אַפּלאָ־דיסמענטען! דו... ווייסט נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס אַפּלאָדי־סמענטען... דאָס איז, ברודער, אַקוראַט, ווי... בראָנפֿען!.. איך פֿלעג אַרויסגעהן, זיך אַנידערשטעלען אָט אַזוי. (שטעלט זיך אַוועק אין אַ פּאָזע). פֿלעג זיך אַנידערשטעלען... און (שווייגט). איך געדענק גאָר נישט... ניט איין וואָרט... איך געדענק גאָר נישט! דעם געליבטען שיר פֿלעג איך... איז עס שלעכט, אַלטער?

**לוּקאַ.** וואו איז דען דאָס גוטס, אַז דו האָסט דעם געליבטען שיר אויך פֿערגעסען? אין געליבטען שיר ליגט דאָך די גאַנצע נשמה.

**אַקטיאָר.** איך האָב די נשמה פֿערשכּור'ט, אַלטער... איך בין, מיין ברודער פֿערלוירען... און פֿאַר וואָס בין איך פֿערלוירען? איך האָב קיין אמונה ניט געהאַט... צו מיר איז שוין געקומען אַ סוף...

**לוּקאַ.** וואָס איז מיט דיר? היילסט זיך? איצט קאָן מען זיך פֿון שכּרות אויך אויסהיילען, הערסט! אומזיסט, אָהן אַ קאָ־פּיקע, היילט מען איצט, ברודערקע... מען האָט שוין אויסגעבויט פֿאַר די שכּורים אַזאַ שפּיטאָל... כּדי, פֿערשטעהסטו, אומזיסט צו היילען... מען האָט אָנגעהויבען פֿערשטעהן, זעהסטו, אַז אַ שכּור — איז אויך אַ מענש און מען פֿרעהט זיך, ווען ער וויל זיך אויסהיילען!. נו־האַ, אָט געה אַהין!...

**אַקטיאָר** (פֿערטראַכט). וואוהין? וואו איז דאָס?

**לוּקאַ.** דאָס איז... אין אַ שטאָדט... איך וועל דיר דערנאָך זאָגען, ווי די שטאָדט הייסט: זיי זיך דערווייל מכין. האַלט זיך איין מיט'ן שכּור'ן... האַלט זיך פֿעסט — און לייַדט... דערנאָך — וועסטו זיך אויסהיילען... און וועסט אָנהויבען לעבען פֿון דאָס נייַ... גוט, ברודער, פֿון דאָס נייַ? נו, ענטשלים זיך איינס, צוויי.

**אַקטיאָר** (שמייכלענדיג). פֿון דאָס נייַ!.. פֿון אָנהויב... דאָס איז גוט... נו יאָ... פֿון דאָס נייַ. (לאַכט). נו... יאָ! צו איך קאָן?! איך קאָן דאָך, וואָס?

**לוקא**. וואָס דען? דער מענש — קאָן אַלץ... ווען ער וויל נאָר...

**אקטיאר**. (ווי ער וואָלט זיך פלוצלינג אויפגעכאַפּט). דו ביסט אַ טשיקאַווער! דערווייל זיי געזונד (פייפט). אַלטיטשקער, זיי געזונד, (געהט אָב).

**אנא**. זיידע!

**לוקא**. וואָס איז, מאַמושקע?

**אנא**. שמועס אַ ביסעל מיט מיר...

**לוקא** (געהט צו איהר צו). אדרבה, לאָמיר זיך אַ ביסעל דורכשמועסען...

(קלעשטש קוקט זיך אַרום, געהט צו שווייגענדיג צו זיין פרוי, קוקט אויף איהר און מאַכט אייניגע בעוועגונגען מיט די הענד, ווי ער וואָלט וועלען עפּעס זאָגען).

**לוקא**. וואָס איז כרודערקע?

**קלעשטש** (שטילערהייד). גאָר נישט...

(געהט צו פּאַמעלעך צו דער פאָרהויז-טהיר, שטעהט אייניגע סעקונדען און—געהט אָב).

**לוקא** (בעגלייטענדיג איהם מיט אַ בליק). דיין מאַן איז עפּעס שווער.

**אנא**. איך טראַכט שוין מעהר ניט וועגען איהם.

**לוקא**. ער האָט דיך געשלאָגען?

**אנא**. אַלץ הייסט שלאָגען... פון איהם בין איך קראַנק געוואָרען...

**בובנאוו**. מיין פרוי האָט געהאַט... אַ געליבטען; ער האָט אויסגעצייכענט געשפּיעלט אין דאַמקעס, אַ גרויסער ליץ געווען...

**מעדוועדיעוו**. הם, הם...

**אנא**. זיידע! רעד מיט מיר, געליבטער... מיר איז ניט גוט...

**לוקא**. דאָס איז גאָר נישט! אַזוי איז אַלעמען פאַר'ן טויט, טייבעלע. האָף... אָט וועסטו שטאַרבען, דעמאָלט וועסטו זיין רוהיג... און מעהר דאַרפסטו נישט, און שרעקען זיך — איז ניטאָ וואָס! מנוחה, רוה... לעג זיך אַנידער! דער טויט בע-

רוהיגט אלץ ... וועסט שטאַרבען — וועסטו זיך אויסרוהען, זאָגט א גלייכווערטעל... דאָס איז ריכטיג, געליעבטע! וואו דען זאָל זיך דער מענש אויסרוהען?

(פעפעל געהט אריין, ער איז א ביסעל שכור, פינסטער, זעצט זיך אַניִדער אויף דער נאַרע, וואָס שטעהט ביי דער טהיר און זיצט שווייגענד און גיעט זיך ניט קיין ריהר).

**אנא.** דאָרט ליידט מען אויך?

**לוקא.** עס וועט גאָר נישט זיין! גאָר נישט! דו — גלויב! מנוחה און — מעהר גאָר נישט! מען וועט דיך צורופען צו גאָט און מען וועט זאָגען: גאָט, גיעב אַ קוק, אָט איז געקומען צו דיר דיין דיענסט אַנאַ...

**מעדוועדיעוו** (שטרענג). פון וואַנען, אייגענטליך, ווייסטו, וואָס מען וועט דאָרט זאָגען? איי, דו...

(פעפעל הויבט אויף זיין קאָפּ בשעת מעדוועדיעוו רעדט און הערט זיך צו).

**לוקא.** הייסט עס, אז איך ווייס, הערר אונטער...

**מעדוועדיעוו** (געלאַסענער). נו... דאָס איז דיין עסק... איך בין נאָך ניט קיין גאַנצער אונטער...

**בובנאוו.** איך נעהם צוויי...

**מעדוועדיעוו.** אַך דו... זאָל דיר...

**לוקא.** און גאָט וועט אויף דיר אַ קוק געבען און זאָגען: איך קען די דאָזיגע אַנאַ! און ער וועט זאָגען, פיהרט אַריין אנאַ'ן אין גן־עדן! זאָל זי זיך אויסרוהען... איך ווייס, געלעבט האָט זי — זעהר שווער... זי איז זעהר מיעד... גיעט אַנאַ'ן א שטיקעל מנוחה...

**אנא** (הוסענדיג), זיידעניו... טייערער... זאָל נאָר אַזוי זיין! זאָל איך נאָר האָבען אַ שטיקעל מנוחה... גאָר נישט ניט פיהלען...

**לוקא.** עס וועט גאָר נישט זיין! גאָר נישט! דו — גלויב! דו — זאָלסט מיט שמחה שטאַרבען, אָהן מורא... דער טויט איז, זאָג איך, פאַר אונז — ווי אַ מוטער פאַר קליינע קינדער...

**אנא.** אפשר... אפשר, וועל איך געזונד ווערען?

לוקא (לאַכענדיג). צו וואָס? כדי וויִדער יסורים צו ליידען?

אנא. נו, נאָך אַ ביסעל... לעבען... נאָך אַ ביסעל! ווען דאָרט זענען קיין יסורים ניטאָ... קאָן מען דאָ אַ ביסעל אונטער־ליידען... אויף געוויס!

לוקא. דאָרט וועט גאָר נישט זיין!.. גאָר פשוט...

פעפעל (שטעלט זיך אַנידער). אמת... און אפשר — ניט אמת!

אנא (דער שראָקען). גאָט...

לוקא. אַ שענער בחור...

מעדוועדיעוו. ווער שרייט עס?

פעפעל (געהט צו איהר צו). איך! וואָס איז?

מעדוועדיעוו. צו וואָס שרייסטו? אַ מענש דאַרף זיך פיהרען לייטיש...

פעפעל. ע... פלאָקען! און דו ביסט נאָך — אַ פעטער... חאָ—חאָ!

לוקא (שטילערהייד צו פעפלען). הערסט, שריי ניט! דאָ— שטאַרבט אַ פרוי... איהרע ליפען זענען שוין בעדעקט מיט ערד... שטער ניט!

פעפעל. דיר, פעטער, גיב איך אָב כבוד! דו, ברודער, ביסט אַ מאָלאָדעץ! זאָגסט גוט ליגען... דערצעהלסט אָנגענעהם בייקעם! זאָג ליגען, גאָר נישט... אויף דער וועלט, ברודער, איז פאַרהאַן וועניג אָנגענעהמעס!

בובנאָוו. די אַלטע שטאַרבט טאַקי — מיט אַנ'אמת?

לוקא. דאַכט זיך, אַז דו טרייבסט קיין קאַטאָוועס ניט...

בובנאָוו. זי וועט הייסט עס, אויפהערען הוסטען... ע הובט זעהר אונרוהיג... איך נעהם צוויי!

מעדוועדיעוו. האָסט דאָך גאָר קיין האַרץ נישט!

פעפעל. אַבראַהם!

מעדוועדיעוו. איך בין דיר — ניט קיין אַבראַהם...

פעפעל. אַבראַשקאַ! נאַטאַשע — איז קראַנק?

מעדוועדיעוו. וואָס איז דיין עסק?

**פעפּעל.** אָהן שפּאַס, זאָג מיר נאָר; צי האָט איהר וואַסיליסין שטאַרק געשלאָגען?

**מעדוועדיעוו.** דאָס זאָל דיר אויך נישט אַרען! דאָס איז אַ פאַמיליענע זאַך... אָבער ווער ביסטו דאָ?

**פעפּעל.** איך מעג זיין ווער איך בין, און אַז איך זאָל וועלען, וועט איהר שוין מעהר נאַטאַשען פאַר אייערע אויגען נישט זעהען!

**מעדוועדיעוו.** (הערט אויף צו שפּילען) האַ — וואָס האָסטו דאָ געזאָגט? פון וועמען רעדסטו? דאָס איז מיין פּלעמעניצע... אָ דו גנב!

**פעפּעל.** וואָס פאַר אַ גנב? האָסט מיך דען געכאַפּט ביי אַ גנבה?

**מעדוועדיעוו.** וואַרט נאָר ברודערקע, כוועלדיך שוין פאַקען!

**פעפּעל.** ווען דו וועסט מיך כאַפּען, וועט דאָס זיין אַן אומגליק פאַר אייער גאַנצער חברה! דו מיינסט, אַז איך וועל שווייגען ביים אויספאָרשונגס ריכטער? איך וועל זיין דער שעיר לעזאָזאל? ניין! אַז מ'וועט מיר פרעגען; „ווער האָט דיר אָנגערעדט צו גנב'נען? ווער האָט דיר אָנגעוויזען דאָס אָרט?" וועל איך זאָגען: מישקע קאָסטילאָוו מיט זיין פלונית'טע! — ווער האָט באַהאַלטען די גנבה, און — פאַרקויפט? — קאָסטילאָוו מיט זיין וואַסיליסין!

**מעדוועדיעוו.** דו זאָגסט ליגען! מ'וועט דיר נישט גלויבען...

**פעפּעל.** זיי רוהיג, מ'וועט יאָ גלויבען; ווייל דער אמת געפינט שטענדיג זיין וועג, און איך וועל נאָך דיך אויך פאַרפּלאָנטערן. חאַ — חאַ — חאַ כ'וועל אַלעמען פאַרשיטען, אַז שוין יאָ פאַרלירען, טאָ לאָמיר אלע צוזאַמען געהן צום טייוועל...

**מעדוועדיעוו.** (צומישט) דו זאָגסט ליגען! דו ביסט אַליגנער'. און וואָס פאַר אַ שלעכטס האָב איך דיר געטהון? דו משוגענער הונט!

**פעפּעל.** און וואָס פאַר אַ טובות האָסטו מיר געטהון?

**לוקא.** טאַקי יאָ!

**מעדוועדיעוו.** (צו לוקא) וואָס מישטו זיך דאָ אַריין? וואָס באַלבאָטשעסטו? דאָס איז דאָך אַ פאַמיליענע זאַך.

**בובנאָוו.** (צו לוקא) לאָז אָפּ.. דו זעהסט דאָך, אַז זיי גרייטען פאַר זיך אַ תליה!

**לוקא.** (מיט הכנעה) איך האָב דאָ גאָרנישט געזאָגט... מיין מיינונג איז; אַז דער וואָס וויל נישט טהון קיין טובה, דער טהוט שלעכט!

**מעדוועדיעוו** (ניט פֿערשטעהענדיג) . אָט-אָט ! מיר קענען זיך דאָ... איינע די אנדערע גאנץ גוט ... אָבער דו—ווער ביסטו אזוינס ? (געהט אָב שנעל ברוגז'דיג) .

**לוקא** . דער בחור האָט זיך צובעס'ט... אָכאָ-חאָ ! אייערע עסקים , ברידער , זעה איך ... זענען פֿערפלאָנטערטע עסקים !

**פעפעל** . ער איז אַוועקגעלאָפֿען זיך קלאָגען פֿאַר וואסיליסען . . .

**בובנאוו** . מאַכסט זיך נאַריש , וואסילי , פֿון וואַנען האָט זיך ביי דיר גענומען אַזוי פֿיעל העלדישקייט ... ווייסט ווען מען בעדאַרף העלדישקייט , בשעת מען געהט אין וואלד רייסען שוואָמען ... אָבער דאָ טויג עס—פשוט אויף כפרות ... זיי וועלען דיר אַלעבעדיגען דעם קאָפּ אַרונטעררייסען ...

**פעפעל** . נו , ניין ! זעהסטו אַ טעות , אונז , יאַראָסלאַווער וועסטו מיט הוילע הענד אַזוי גיך ניט נעהמען . . . ווען עס איז אַ מלחמה , וועלען מיר זיך שלאָגען . . .

**לוקא** . אין אמת'ן , האָסטו , בחור , געדאַרפֿט אַוועקגעהן פֿון דאַנען . . .

**פעפעל** . וואוהין ! נו-זשע , זאָג , רעד-אַרוים . . .

**לוקא** . געה . . . אין סיביר !

**פעפעל** . עהע ! ניין איך וועל שוין בעסער וואַרטען מען זאָל מיך פֿערשיקען קיין סיביר אויף קאַזיאָנע הוצאות . . .

**לוקא** . דו פֿאָלג מיר און געה זיך ! דאָרט וועסטו זיך קאָנען געפֿינען אַ וועג ... דאָרט—דאַרף מען אַזוינע !

**פעפעל** . מיין וועג — איז שוין פֿאַר מיר אָנגעצייכענט . מיינע עלטערן זענען זייער גאַנץ לעבען אָבגעזעסען אין טורמעס און אַגב שוין פֿאַר מיר אויך אַנ'אָרט בעשטעלט . . . בשעת איך בין נאָך געווען אַ קליין קינד , האָט מען מיך שוין גערופֿען גנב , אַ גנב'ס אַ זוהן . . .

**לוקא** . אָבער די בעסטע זייט — איז סיביר ! די גאָלדענע זייט ! ווער עס האָט נאָר כח און שכל דעם איז דאָרט — גוט ווי די וועלט .

**פעפעל** . אַלטער ! צו וואס זאָגסטו ליגען ?

**לוקא** . וואָס ?

**פּעפּעל.** ביסט שוין טויב געוואָרען! צו וואָס זאָגסטו ליגען, פרעג איך?

**לוקא.** און וואָס האָב איך געזאָגט ליגען?

**פּעפּעל.** אין אַלץ... דאָרט, זאָגסטו איז גוט, דאָ איז גוט... זאָגסטו דאָך ליגען! צו וואָס?

**לוקא.** און דו גלויב זשע מיר, יאָ גע הגיעב אַליין אַ קוק... ווערסט מיר דערנאָך דאַנקען... וואָס ווילסטו אייגענטליך און... צו וואָס דאַרפסטו אַזוי שטאַרק דעם אמת... בעטראַכט-זשע נאָר? דער אמת קאָן דאָך פאַר דיר ווערען אַן׳איבעריגע משא...

**פּעפּעל.** מיר איז שוין אַלץ איינס! אַ משא איז אַ משא!..

**לוקא.** אַטשיקאַוועך מענש! צו וואָס ווילסטו זיך אַליין דערהרגענען?

**בובנאָוו.** וואָס פּלוידערט איהר דאָ ביידע? איך הויב ניט אָן צו פערשטעהן... וואָס פאַר אַנ׳אמת דאַרפסטו האָבען, וואַסקע? און צו וואָס פאַר זיך ווייסטו דאָך דעם אמת... יאָ אַלע ווייסען איהם...

**פּעפּעל.** וואַרט זשע, שריי ניט! זאָל ער מיר זאָגען... הער-זשע אַלטער: אַ גאָט איז פאַראַן? (לוקא שווייגט, שמייכלענדיג).

**בובנאָוו.** אַלע מענשען לעבען... אַזוי ווי די שפענער שווימען אויפ׳ן טייך... זיי בויען אַ הויז... און די שפענער — זענען אַוועק...

**פּעפּעל.** נו? עס איז פאַראַן? זאָג...

**לוקא** (שטיל). ווען דו גלויבסט, איז דאָ; גלויבסט ניט, איז ניטאָ... און וואָס דו גלויבסט, דאָס איז דאָ...

(פּעפּעל קוקט אויפ׳ן אַלטען פערוואונדערט און שווייגט

**בובנאָוו.** איך גע טרינקען טהע... איהר געהט, אין טראַקטיר? איי!

**לוקא** (צו פּעפּעלען). וואָס קוקסטו?

**פּעפּעל.** אַזוי... וואַרט נאָר!... הייסט עס...

**בובנאָוו.** נו גע איך אַליין... (געהט צו דער טהיר און בעגעגענט וואַסיליסאַ׳ן).

**פּעפּעל.** הייסט עס... דו...

**וואסיליסא** (צו בובנאָוו'ן). נאַסטאַסיאַ — איז אין דער היים?
**בובנאוו.** ניין... (געהט אָב).
**פעפעל.** אַ... זי איז געקומען...
**וואסיליסא** (צוגעהענדיג צו אנאַ'ן). זי לעבט נאָך?
**לוקא.** שטער נישט...
**וואסיליסא.** און דו... וואָס בערדאַרפסטו דאָ?
**לוקא.** איך קאָן אַוועקגעהן... אויב מען דאַרף...
**וואסיליסא** (געהט צו צו דער טהיר פון פעפעל'ס צימער).
וואַסילי! איך האָב צו דיר עפּעס אַנ'ענין.

(לוקא געהט צו צו דער פּאָרהויזטהיר, עפּענט זי אויף. דער נאָך קלעטערט ער פּאַמעלעך אַרויף אויף דער נאַרע און פון איהר — אויפ'ן אויווען).

**וואסיליסא** (צו פּעפּלען). וואס'אַ... קום אַ הער!
**פעפעל.** איך וועל נישט געהן... איך וויל נישט...
**וואסיליסא.** אָבער... פאַרוואָס? פאַרוואָס ביסטו ברוגז?
**פעפעל.** מיר איז נודנע... מיר האָט שוין דערעסען אלסדינג...
**וואסיליסא.** און איך... האָב דיר אויך דערעסען?
**פעפעל.** אין דו...

(וואסיליסאַ ציהט צוזאַמען פּעסט איהר טוך צו די פּלייצעס, דריקט־צו די הענד צו איהר ברוסט. געהט צו צו אַנאַ'ס בעט בעקיקט זי פאַרזיכטיג און קעהרט זיך אום צו פּעפּלען).

**פעפעל.** נו... רעד...
**וואסיליסא.** וואָס־זשע זאָל איך רעדען? מיט געוואַלד וועסטו מיך ניט ליעבען... . מיין כאַראַקטער דער לאָזט מיך ניט, איך זאָל ביי דיר אויסבעטען ליעבע... אַ דאַנק דיר פאַר'ן אמת...
**פעפעל.** וועלכער אמת?
**וואסיליסא.** איך האָב דיר דער עסען... אָדער עס איז אפשר ניט אמת? (פּעפּעל קוקט אויף איהר שווייגענד).
**וואסיליסא** (גענעהט־צו צו איהם). וואָס קוקסטו? דערקענסט מיך ניט?
**פעפעל** (אָטהעמט אָב). דו ביסט שען... (וואסיליסא לעגט אַרויף איהר האַנד אויף זיין האַלז, נאָר ער טרייסעלט אָב די האַנד מיט זיינע פּלייצעס)...

מײַן האַרץ איז צו דיר קײן מאָל ניט נאָהענט געװען... אפילו בשעת איך האָב געלעבט מיט דיר... און קײן מאָל ביסטו מיר ניט געפעלען געװען...

**װאסיליסא** (שטיל). אַז=זױ... גו=נו...

**פעפעל**. נו, מיר האָבען ניט װעגען װאָס צו רעדען! געה אװעק פון מיר...

**װאסיליסא**. האָסט שוין אַן'אַנדערע דערזעהן?

**פעפעל**. ניט דײַן עסק... סײַ װי סײַ װאָלט איך זיך פאַר א שרכנ'טע ניט נערופען...

**װאסיליסא** (ערנסט). אומזיסט... אפשר װאָלט איך גופא דיר גערעדט א שידוך...

**פעפעל** (מיט חשד). מיט װעמען?

**װאסיליסא**. דו װײסט דאָך... צו װאָס זיך פערשטעלען? װאסילי... איך—בין אַ פשוט'ער און אַן'אָפענער מענש... (שטיל). צו װאָס זאָל איך פערדעקען... דו האָסט מיך בעלײדיגט... איך װײס אַלײן ניט פאַר װאָס און פאַר װען... האָסט מיר געזאָגט, אַז דו ליבסט... און פלוצלונג...

**פעפעל**. גאָר ניט פלוצלונג... איך האָב שוין לאַנג... האָסט קײן נשמה ניט... א פרוי מוז האָבען אַ נשמה... מיר—זענען חיות... מען דארף אונז... מען דארף אונז—לערנען... און דו—װאָס האָסטו מיך געלערנט?..

**װאסיליסא**. װאס עס איז געװען, איז געװען... ליעבספ נישט מעהר... גוט! זאָל זײַן װי עס איז.

**פעפעל**. נו, הײסט עס, און—פאַרטיג! מיר געהען זיך פאַנאַנדער רוהיג, אָהן סקאַנדאַלען... גוט!

**װאסיליסא**. נײן, װאַרט! פונדעסטװעגען... בשעת איך האָב מיט דיר געלעבט... האָב איך אַלץ געװאַרט, אז דו װעסט מיר העלפען פון דעם שמוץ, פון דער גרוב אַרױסצוקריכען... װעסט מיך בעפרײַען פון מײַן מאַן, פון פעטער... פון דעם דאָזיגען גאַנצען לעבען... אפשר האָב איך גאָר ניט דיך, װאַסיא, געליבט, נאָר... מײַן האָפנונג, דעם געדאַנק האָב איך געליבט... פערשטעהסט? איך האָב געװאַרט אַז דו װעסט מיך אַרױסשלעפען...

**פעפעל**. דו — ביסט ניט קײן צװיאַק, איך — ניט קײן

צוואנג... איך האָב אַליין געטראַכט, ראָס דו, ווי אַ קלוגע... דו ביסט דאָך אַ קלוגע... ביסט דאָך—אַ בריה!

**וואסיליסא** (בייגט זיך צו צו איהם נעהענטער). וואַסיאַ, לאָמיר... זיך העלפען איינער דעם אנדערן...

**פעפעל**. וואָס הייסט?

**וואסיליסא** (שטיל, שטאַרק). די שוועסטער... געפעלט דיר איך ווייס...

**פעפעל**. דעריבער שלאָגסטו איהר אַזוי אומרחמנות'דיג! וואָס איך זאָג דיר! זאָלסט איהר ניט אָנריהרען...

**וואסיליסא**. וואַרט. רעד ניט מיט אַזאַ היץ! מען קאָן אַלץ מאַכען שטיל, אויפ'ן גוטען אופן... ווילסט — חתונה האָבען מיט איהר? איך וועל דיר נאָך געבען געלד... דריי הונדערט קערבלעך! איך וועל נאָך מעהר אָנקלויבען—מעהרער דיר געבען...

**פעפעל** (זיך אָברוקענדיג). האלט... ווי אַזוי? פאַר וואָס?

**וואסיליסא**. בעפריי מיך... פון מיין מאַן! נעהם פון מיר אַרונטער די דאָזיגע שטריק...

**פעפעל** (פייפט שטילערהייד). אַהאַ—אַהאַ! האָסט געפונען אַנ'אויסגעצייכענטען פלאַן... דעם מאַן, הייסט עס, אין קבר, דעם געליבטען—אויף קאַטאָרגע, און אַליין...

**וואסיליסא**. וואַסיאַ! צו וואָס — קאַטאָרגע? דאַרפסט ניט — אַליין... דורך די אברים! און אפילו ווען אַליין, ווער וועט זיך דערוויסען? בעטראַכט נאָר, וועסט האָבען געלד... וועסט זיך אָוועקפאָהרען... מיך וועסטו בעפרייען אויף אייביג... און וואָס מיין שוועסטער וועט דאָ זיין, וועט עס זיין פאַר איהר אַ גליק. איהר זיין דאָ איז מיר — שווער... איך ווער אויף איהר אין כעס... איך קוועל איהר... שלאָג איהר... איך שלאָג איהר אַזוי שטאַרק... דאָס איך וויין שפּעטער אַליין... פונדעסטוועגען — שלאָג איך... און — וועל אויך ווייטער שלאָגען!

**פעפעל**. חיה! פיינסט זיך נאָך אויס דערמיט.

**וואסיליסא**. איך פיין זיך ניט אויס, איך זאָג דעם אמת. בערענק, וואַסיא... דו ביסט צוויי מאָל צוליעב מיין מאַן אין טורמע געזעסען... צוליעב זיין בלוטגיעריגקייט... ער האָט זיך אין מיר איינגעגעסען... און זויגט מיר שוין פיער יאָהר דאָס בלוט! און וואָס

איז ער מיר פאַר אַ מאַן? נאַטאַשקען רופט ער, יאָגט זי... אוּן פאַר אַלעמען איז ער — סם...

**פעפעל.** פלעכסט דײַנע רעדער צונויף גאַנץ חיטרע...

**וואסיליסא.** אין מײַנע רעד — איז אַלץ קלאָר... נאָר אַ נאַר קאָן נישט פערשטעהן, וואָס איך וויל...

(קאָסטילאָיו געהט אַרײַן פאָרזיכטיג און פערגנב'ט זיך פאָרענט).

**פעפעל** (צו וואַסיליסאַ'ן). נו... געה שוין!

**וואסיליסא.** בעדענק. (זעהט איהר מאַן). דו ביסט עס? נאָך מיר ביסטו געקומען?

(פעפעל שפרינגט אַוועק און קוקט ווילד אויף קאָסטילאָוו'ן).

**קאסטילאוו.** דאָס בין איך... איך! און איהר זײַד דאָ... אַליין? אַ-אַ... איהר האָט געשמועסט? (פּלוצלונג הויבט ער אָן קלאַפּען מיט די פיס און צו שרײַען). וואַסקא... אויסוואורף... בעטלערקע... די פעל! (דערשרעקט זיך פאַר זײַנע אייגענע קולות). גאָט, זײַ מיר מוחל... שוין ווידער האָסטו, וואַסיליסאַ, אַרײַנגעפיהרט מיך אין אַן עבירה... איך זוך דיך אומעטום... (קוויטשעט) ציַיט צו שלאָפען פון! האָסט פערגעסען אין נר תמיד עהל אַרײַנצוגיסען... אַך, דו! בעטלערקע... חזיר... (מאַכט אויף איהר מיט ציטעריגע הענד. וואַסיליסאַ געהט פּאַמעלעך צו צו דער פאָרהויז-טהיר, זיך אומקוקענדיג אויף פעפעלען).

**פעפעל** (צו קאָסטיליאָוו'ן) דו! געה אַוועק... אַרויס...

**קאסטיליאוו** (שרײַט). איך — בין דער בעל-הבית! געה אַליין אַרויס, יאָ! גנב...

**פעפעל** (דאַמפּף), געה אַוועק, מישקאַ...

**קאסטיליאוו.** זאָלסט ניט סמײַען! איך בין דאָ... איך (פעפעל חאַפּט איהם אָן פאַר'ן קאָלנער און טרייסעלט איהם. אויפ'ן אויווען הערט זיך אַ שטאַרקער גענע, פעפעל לאָזט-אָב קאָסטיליאָוו'ן, וועלכער לויפט אַרויס מיט אַ געשריי אין פאָרהויז).

**פעפעל** (אַרויסשפרינגענדיג אויף דער נאָרע), ווער איז עס... ווער איז דאָ אויפ'ן אויווען?

**לוקא** (שטעקט אַרויס דעם קאָפּ). אַס?

**פעפעל.** דו?!...

**לוקא** (רוהיג). איך... איך אַליין... אָ, גאָט איסוסע כריסטע!

**פעפעל** (צומאַכענדיג די פאָרהויז-טהיר, זוכט דעם אײַזען צו פאַר-

רוקען אין געפינט ניט) . אָ, שרים... אַלטער, קריך-אַראָב!

**לוקא.** ת—תיכף... אָט קריך איך...

**פעפעל** (גראָב), וואָס ביסטו, איינגעשלעפט, אַרויפגעקראָכען אויפ'ן אויווען?

**לוקא.** וואו דען האָב איך געדאַרפט?

**פעפעל.** דו ביסט דאָך... געווען אַוועקגעגאַנגען אין פאָרהויז?

**לוקא.** אין פאָרהויז, ברודערקע, איז פאַר אַזאַ אַלטען, ווי איך, קאַלט...

**פעפעל.** דו... האָסט געהערט?

**לוקא.** יאָ — געהערט! פאַר וואָס זאָל זיך ניט האָבען געהערט? בין איך דען — אַ טויבער? אַך, בחור, האָסטו מזל... אָט וואָס פאַר אַ מזל דו האָסט!

**פעפעל** (מיט חשד), וואָס פאַר אַ מזל? אין וואָס האָב איך מזל?

**לוקא.** אָט דערין, וואָס איך בין אַרויפגעקראָכען אויפ'ן אויווען.

**פעפעל.** אָבער... צו וואָס האָסטו זיך דאָרט אָנגעהויבען צו דרעהען?

**לוקא.** צוליעב דעם הייסט עס, וואָס — מיר איז געוואָרען היים... אויף דיין יתומ'דיגען מזל... און ווייטער האָב איך זיך אומגעטראַכט, דו זאָלסט עפּעס זיך ניט טועה זיין... דו זאָלסט ניט דערווערגען אָט דעם אַלטיטשקען...

**פעפעל.** יאַ — יאָ... איך האָב עס געקאָנט... איך האָס...

**לוקא.** וואָס איז די חכמה? קיין זאַך איז ניט צו שווער... אָפטמאָל איז מען זיך טועה...

**פעפעל** (שמייכלענדיג). די האָסט זיך ווען עס איז שוין?..

**לוקא.** בחור! הער-זשע, וואָס איך וועל דיר זאָגען: די באָבע — מוז אַוועק! דו זאָלסט איהר — ני — ני! צו זיך ניט צולאָזען... דעם מאַן — וועט זי אַליין בעגראָבען, נאָך מיט מעהר בריות'קייט ווי דו, יאָ! דו זאָלסט איהר, דעם שד, נישט פאָלגען... גיעב אַ קוק, ווי איך זעה-אוים? זעהסט, איך האָב שוין קיין האָר ניט אויף מיין קאָפּ... און פון וואַנען? אַלץ פון אַזוינע פערשיע-

דענע ווייבער ... איך האב זיי, די ווייבער, אפשר, אין מיין לעבען מעהר געקענט, פון מיינע האר, וואס איך האב געהאט אין קאפ ... און אט די דאזיגע וואסיליסא — איז ... ערגער פון א שלאנג, פון אנ'ערגדעם ...

**פעפעל.** איך פערשטעה ניט ... זאל איך דיר דאנקען, אדער דו ... אויך ...

**לוקא.** דו — רעד נישט! הער, וואס איך זאג דיר, וועלכע עס געפעהלט דיר דא, די נעהם אונטער'ן האנד און פון דאנען — מארש! אוועק! ווייט געה אוועק ...

**פעפעל** (פינסטער). פערשטעהסט קיין מענשען ניט! וועלכע זענען גוטע און וועלכע — שלעכטע ... קיין זאך איז ניט פער־שטענדליך ...

**לוקא.** וואס דארף מען דא פערשטעהן? דער מענש לעבט פערשיעדען ... ווי דאס הארץ איז, אזוי לעבט ער ... היינט — גוט, מארגען — שלעכט ... ווען דאס מיידעל איז דיר איינגעבאקען אין הארצען ... געה מיט איהר אוועק פון דאנען און פארטיג ... ווען ניט — געה אליין אוועק ... דו — ביסט נאך יונג, וועסט נאך צייט האבען זיך צו פערשאפען א ווייב ...

**פעפעל** (נעהמט אהן ביי די פלייצע). ניין, זאג־זשע מיר, צו וואס רעדסטו דאס אלץ ...

**לוקא.** ווארט א רגע, לאז אב ... איך וועל א קוק טהון אויף אנא'ן ... זי האט עפעס דערלאנגט א שווערען קרעכץ ... (געהט צו צו אנא'ס בעט, הויבט אויף די קאלדרע, קוקט, בעריהרט מיט דער האנד. פעפעל געהט איהם נאך פערטראכטערהייד). איסוסע כריסטע, פיעלגנא־דיגער! דעם גייסט פון דיין דיענסט אנא נעהם צו בשלום ...

**פעפעל** (שטיל), געשטארבען? (ניט צוגעהענדיג, שטרעקט זיך אוים און קוקט אויף דאס בעט).

**לוקא** (שטיל). זיך געענדיגט! און וואו איז עפעס איהר מאן?

**פעפעל.** אין טראקטיר, אודאי ...

**לוקא.** מען דארף איהם אנזאגען ...

**פעפעל** (ציטערענדיג, איך האב ניט ליעב קיין מתים ...

**לוקא** (געהט צו צו דער טהיר). צו וואס זאל מען זיי ליעבען ... ליעבען — דארף מען לעבעדיגע ... לעבעדיגע ...

**פּעפּעל.** איך געה אויך מיט דיר...
**לוּקא.** האָסט מורא?
**פּעפּעל.** איך ליעב ניט... (געהט האסטיג ארויס. אין שטוּב איז פוּסט און שטיל. הינטער דעם פֿאָרהויז טהיר הערט זיך א הוּמפּער, אַנ'אוּנפּערשטענדליכער ליאַרם. דערנאָך— געהט אריין אַקטיאָר).
**אַקטיאָר** (שטעלט זיך אַנידער אויפ'ן שוועל, פֿערמאַכט ניט די טהיר און אָנהאַלטענדיג זיך מיט די הענד אָן די טהיר-פּאָסטענס, שרייט ער).
אַלטער, איי! וואו ביסטו? איך — האָב זיך דערמאַהנט...
הער. (שאָקלענדיג מאַכט ער צוויי שריט פֿאָראויס און זיך אוועקשטעלענדיג אין א פּאָזע הויבט ער אָן דעקלאַמירען):
הערר‏ען! ווען דעם וועג צו דער הייליגער וואַרהייט
וועט די וועלט נישט קאָנען ענטדעקען,
עהרע דעם משוגע'נעם, וועלכער וועט בעדעקען
מיט אַגאָלדענעם שלאָף די מענשהייט.
(אין דער טהיר בעוויַיזט זיך הינטער, אַקטיאָר, נאַטאַשאַ).
**אַקטיאָר.** אַלטער!..
ווען די זוהן וועט מאָרגען אויפהערען
צו בעלייַכטען דעם וועג פֿון אונזער וועלט,
וועט מאָרגען אַ געדאַנק די גאַנצע וועלט
פֿון וואַסער עס איז משוגע'נעם אויפקלערען...
**נאַטאַשאַ** (לאַכט).
**אַקטיאָר** (קעהרט זיך אים צו איהר). אַ—האַ, דאָס ביסטו? און—וואו איז דער אַלטער... דער ליעבער אַלטיצשקער? דאָ? א פּנים, איז קיינער ניטאָ... נאַטאַשאַ, אַדיע! אַדיע... יאַ!
**נאַטאַשאַ** (אַריינגעהענדיג). האָסט זיך נאָך נישט בעגריסט, און דו געהמסט שוין אָבשיעד...
**אַקטיאָר.** (פֿערשטעלט איהר דעם וועג). איך — פֿאָהר אַוועק, געה אַוועק.. קוים קומט דער פֿריהלינג און איך בין מעהר ניטאָ...
**נאַטאַשאַ.** לאָז-אָב... וואוהין עפּעס געהסטו?
**אַקטיאָר.** זוכען א שטאָדט.. זיך צו היילען... דו—געה אויך אַוועק... א פֿעליאַ... געה אַוועק אין מאָנאַסטיר... פֿערשטעהסט, עס איז פֿאַראַאן א שפּיטאָל פֿאַר אָרגאַניזמען... פֿאַר שכּורים... אַנ'אויסגעצייכענטער שפּיטאָל... מראַמאָר... מראַמאָרנע

־יעלעַן! ליבּט .. רייִנקייט, שפּייַז ... אַלץ — בּחנם! און מראַנאָרנע
־יעלען, יאָ! איך וועל עס שוין געפינען, זיך אויסהיילען און ...
וייטער ווערען ... איך געפון זיך אויפ'ן וועג צור אויפלעבונג ...
אַקוראַט ווי דער קעניג ... ליר האָט געזאָגט ... נאַטאַשא ... אויף
דער סצענע רופט מען מיך סווערטשקאָוו — זאַוואָלזשסקי ... קיינער
ווייס עס ניט, קיינער ניט! דאָ האָב איך קיין נאָמען ניט ... פער־
שטעהסט, וואָס פאַר אַ בּעליידיגונג עס איז — צו פערליהרען דעם
נאָמען? אפילו הינד האָבּען דאָך אויך אַ נאָמען ...

(נאַטאַשאַ געהט פּאָרזיכטיג פאַרבּיי, שטעלט זיך אָב בּיי אַנאַ'ס בּעט, קוקט).

**אקטיאר.** אָהן אַ נאָמען — איז דער מענש קיין מענש ניט...

**נאטאשא.** גיעב אַ קוק ... זי איז געשטאָרבּען ...

**אקטיאר.** (שאָקעל מיט'ן קאָפּ). עס איז אונמעגליך ...

**נאטאשא.** (אָבּגעהענדיג). בּנאמנות ... גיעב אַ קוק ...

**בובנאוו** (אין טהיר). וואָס איז דאָ פאַרהאַן צו קוקען?

**נאטאשא.** אַנאַ ... איז דאָך געשטאָרבּען!

**בובנאוו.** האָט אויפגעהערט הוסטען, הייסט עס. (געהט־
צו צו אַנאַ'ס בּעט, קוקט אין קעהרט זיך אום אויף זיין אָרט). מען דאַרף
זאָגען קלעשטש'ן ... דאָס איז — זיינער אַנ'ענין ...

**אקטיאר.** איך געה ... איך וועל איהם זאָגען ... זי האָט
פערלוירען דעם נאָמען! ... (געהט אָב)

**נאטאשא** (אין מיטען צימער). ווען עס איז ... וועל איך אויך
אַזוי ... אין קעלער ... אַ דערשלאָגענע ...

**בובנאוו** (אויסשפּרייטענדיג איף זיין נאַרע עפּעס א מין שמאַטע).
וואָס אַזוינס? וואָס פּלוידערסט דו דאָרט?

**נאטאשא.** אַזוי ... פאַר זיך ...

**בובנאוו.** וואַרסט וואַסקען? קוק זיך גוט אַרום, וואַסקע
וועט דיר דיין קאָפּ צו בּרעכען ...

**נאטאשא.** איז דען ניט אַלץ איינס — ווער עס וועט צו־
בּרעכען? שוין בּעסער ער זאָל עס טהון ...

**בובנאוו** (לעגט זיך אַנידער). נו, דאָס איז שוין דיין עסק ...

**נאטאשא.** זעהסט ... עס איז דאָך גוט, דאָס זי איז
געשטאָרבּען ... פונדעסט וועגען איז אַ רחמנות ... גאָט! .. צו וואָס
האָט אַזאַ מענש געלעבּט?

**בובנאוו**. אלע זענען אזוי; ווערען געבוירען, לעבען עפּעס, שטאַרבען, און איך וועל שטאַרבען... און דו... וואָס איז דאָ פאַר אַ רחמנות?

(עס געהען אריין! לוקא, טאַטארין, קריוואָי זאָב און קלעשטש; קלעשטש געהט הינטער אלעמען, פּאַמעלעך צונויפגעקאָרטשעט).

**נאַטאַשא**. ש—ש! אַנאַ...

**קריוואָי זאָב**. שוין געהערט.. אַ ליכטיגען גן־עדן זאָל זי האָבען...

**טאַטארין** (צו קלעשטש). מען דאַרף איהר אַרויסשלעפּען פון דאַנען! אין פאָר־הויז אַרויסשלעפּען! דאָ — קאָן קיין מת זיך ניט געפינען, דאָ — וועט שלאָפען אַ לעבעדיגער...

**קלעשטש** (שטיל). מיר וועלען אַרויסשלעפּען. (אלע געהען צו צום בעט, קלעשטש קוקט אויפ'ן ווייב דורך די פּלייצעס פון די אַרום שטעהענדע).

**קריוואָי זאָב** (צו טאַטארין). דו מיינסט, אַז עס וועט זיך הערן אַ ריח? פון איהר וועט קיין ריח ניט זיין!.. זי האָט זיך שוין לעבעדיגערהייד אויסגעטריקענט...

**נאַטאַשא**. גאָט! וואָלטען זיי חאָטש רחמנות געהאַט... חאָטש עפּעס אַ וואָרט געזאָגט! נאָך איהר...

**לוקא**. דו, מיידעל, פערשעם דיך ניט... גאָר נישט! ווי קומט עס צו זיי.. ווי קומט עס צו אונז — רחמנות האָבען אויף טויטע? ע, געליעבטע! מיר האָבען אפילו קיין רחמנות ניט — אויף לעבעדיגע... אויף זיך גופא ניט...

**בובנאוו** (גענעצט). און ווייטער דאָס אייגענע, דער טויט שרעקט זיך ניט פאַר קיין ווערטער... אָט אַ קראַנקהייט — שרעקט זיך פאַר אַ וואָרט, אָבער דער טויט — ניט!

**טאַטארין** (אָבגעהענדיג). פּאָליציי דאַרף מען...

**קריוואָי זאָב**. פּאָליציי — דאָס איז דער שכל מחיב! קלעשטש! האָסט געמאָלדען פּאָליציי?

**קלעשטש**. ניין... מען דאַרף מקבר זיין... און איך האָב סך הכל פערציג קאָפּיקעס...

**קריוואָי זאָב**. נו, אין אַזאַ פאַל — לייה... וועלן ניט וועלען מיר צונויפקלויבען... ווער — אַ צעהנער, ווער — ווי פיעל

אייַנער קאָן ... אָבער מעלד תּכף פּאָליציי ... גיכער! ווען ניט וועט זי מייַנען, אַז דו האָסט אַלײן דערהרגעט דיין ווייַב ... אָדער וואָס...
(געהט־צו צו די נאַרעס און וויל זיך לעגען אין איין שורה מיט טאַטאַרין).

**נאַטאַשאַ** (אַוועקגעהענדיג צו בובנאָוו'ס נאַרע). אָט ... זי וועט זיך מיר שוין חלומ'ן ... מיר חלומ'ן זיך שטענדיג מתים... איך האָב מורא אַלײן צו געהן ... איז פינסטער —– אין פאָרהויז ...

**לוקא** (איהר נאָכגעהענדיג). דו — שרעק זיך קעסער פאַר לעבעריגע... אָט וואָס איך וויל דיר זאָגען...

**נאַטאַשאַ**. בעגלייט מיך, זייערעניו ..

**לוקא**. קום... לאָמיר געהן, איך וועל דיך בעגלייטען!
(געהען אָב, פויזע).

**קריוואָי זאָב**. אָכאָ — חאָ — אָ! אסאַן! אין גיכען וועט קומען דער פריהלינג, מייַן פרייַנד... אונז וועט זיין וואַרעם צו וואוינען. און די דערפער פערריכטען שוין די פויערים זייערע סאָכעס... גרייטען זיך צו צו אַקערן ... און מיר?... אסאַן?... פאָפּסט שוין, חראָפּסט שוין ...

**בובנאָוו**. די טאַטאַרען האָבען ליעב צו שלאָפען ...

**קלעשטש** (שטעהט אין דער מיט פון חדר און קוקט דומפּף פאַר זיך)' וואָס זאָל איך איצט טהון?

**קריוואָי זאָב**. לעגזיך, און שלאָף... מעהר גאָר נישט ..

**קלעשטש** (שטיל). און ... זי... ווי איז עס עפּעס? (קיינער ענטפערט איהם נישט. סאַטין און אַקטיאָר געהען אַריין).

**אַקטיאָר** (שרייט). אַלטער! אַהער, מייַן געטרייַער קענט...

**סאַטין**. מאַקלוכאַ־מאַקלאַי געהט... ח—חאָ!

**אַקטיאָר**. אַ סוף אַנ'עק! אַלטער וואו איז דיָ שטאָדט... וואו ביסטו?

**סאַטין**. פאַטאַ־מאָרגאַנאַ! דער אַלטער האָט דיר געזאָגט ליגען... עס איז גאָר נישטאָ! ניטאָ קיין שטעדט, ניטאָ קיין מענשען ... גאָר נישטאָ!...

**אַקטיאָר**. אַ ליגען!

**טאַטאַרין** (שפּרינגט אויף). וואו איז דער בעל־הבית? איך געה שוין צום בעל־הבית! עס איז דאָך אוממעגליך צו שלאָפען... געשטאָרבענע ... שכורים ... (געהט שנעל אָב, סאַטין פּייפט איהם נאָך).

**בובנאוו.** (מיט אַ פאַרשלאָפענעם קול) לייגט זיך שוין שלאָפען... מאַכט נישט קיין לאַרמען! ביינאַכט דאַרף מען שלאָפען.

**אקטיאר.** יאָ נוּ... דאָ ליגט אַ טויטער „אונזער נעץ האָט אַרויסגעצווינגען אַטויטען" דאַכט מיר ב... בעראַנזשער'ס א-שיר.

**סאַטין.** (שרייט) טויטע הערען. ניט... טויטע פיהלען נישט! מעגסט שרייען, רעווען וויפיל דו ווילסט, טויטע הערען נישט! (אין טהיר באַווייזט זיך לוקא)

פאָרהאַנג.

---

# דריטער אקט

א וויסטער פּלאַץ, אין דעם הויף' איז פאַרשידענע אַלטע צעבראָכענע כלי-בית און באַוואַקסען מיט ווילדע קרייטעכצער, טיף אַרויפצו — א הויכע ציגעלנע וואַנט וועלכע פאַרשטעלט דעם הימעל, נעבען וואַנט וואַקסען בוימעלעך מיט בעז, רעכטס: א הילצערנע טונקעלע וואַנט פון עפּעס א שטאַל אָדער אַ שאָפּע, לינקס אָנגעוואָרפען שמוציגע שטיקער טינק אָפּגעפאַלענע פון'ם הויז אין וועלכע ס'געפינט זיך קאַסטילאַווס אכסניה'לע, די וואַנט שניידט אַדורך די ביהנע און דער קרום אַזוי; דאָס דער ווינקעל פון בנין קומט אויס כמעט אין דער העלפט פון פּלאַץ. צווישען בנין און דער רויטער וואַנט — איז אַ שמאָלער דורכגאַנג. אין דער וואַנט פון לינקס — צוויי פענסטער, איין פענסטער איז גלייך מיט דער ערד, די צווייטע — וועלכע ס'איז נענטער צו דער ציגעל-וואַנט — איז מיט 2 אַרשין העכער, נעבען, ביי די פענסטער, ליגען איבערגעקערטע שליטענס און א קלאָץ פון 4 אַרשין די לענג. רעכטס, ביז דער הילצערנער וואַנט, ליגט אַגאַנצע קופּע; אַלטע ברעטער, באַלקענס א.ג.א.

פאַרנאַכט; די פאַרגעהענדע זון פאַרשפּרייט אַ רויטליכען שיין אויף די ציגעלנע וואַנט, דער פריהצייטיגער פריהלינג צושמעלצט דעם שניי זעהר לאַנגזאַם, אויף די טונקעלע צווייגען פון די בעז בוימער, איז נאָך נישט אויפגעשפּראָצט קיינע קנאָספּען. אויפן קלאָץ זיצען צוזאַמען נאַטאַשאַ מיט נאַסטיען, אויף די איבערגעדרעהטע שליטענס זיצען; לוקאַ און באַראָן. קלעשטש ליגט אויסגעצויגען אויף דער קופּע ברעטער — ביי דער וואַנט רעכטס, פון דעם נידעריגען פענסטער קוקט אַרויס בובנאָווס קאָפּ.

---

**נאַסטיא.** (האַלט צוגעמאַכט די אויגען, דערצעהלט מיט אַ זינגענ־דיקען קול, צושאָקלענדיק מיט'ן קאָפּ נאָכ'ן טאַקט פון איהרע ווערטער): אָט קומט ער ביי נאַכט אין אַלטאַנע פון גאָרטען, אַזוי ווי מיר האָבען אָפּגערעדט.. איך וואַרט שוין אויף איהם פון לאַנג.. און ציטער פון שרעק און אומעט.. ער ציטערט אויך.. דאָס פּנים בלייך ווי קאַלך.. אין האַנט האַלט ער אַ „ליוואָרווערט!"

**נאַטאַשא.** (קייט רויזענקערנער) זעהסט, ס'מוז טאַקי זיין אַנ'אמת וואָס מ'זאָגט, אַז די סטודענטען זיינען שרעקליך צורייצט.

**נאַסטיא.** און זאָגט צו מיר מיט אַ ציטערנדיקע שטימע... — אָ מיין טייערסטע ליבע.

**בובנאָוו.** אָה—האָ! מיין טייערסטע!

**באַראָן.** ס'געפעלט דיר נישט, טאָ הער נישט; אָבער שטער איהר נישט, זאָל זי דערצעהלען איהרע ליגענס, נו, וואָס ווייטער!

**נאַסטיא.** מיין טייערסטע — זאָגט ער — מיין ליכטיגער שטערן!.. מיינע עלטערן — זאָגט ער — ערלויבען מיר נישט מיט דיר חתונה צו האָבען.. און זיי סטראַשען מיר.. צו פאַרשעלטען מיינע יאָהרען, אַזוי לאַנג ווי איך וועל דיך ליבען, אָט דאַריבער מוז איך מיר נעהמען דאָס לעבען.. און באַווייזט מיר אַ גרויסען „ליוואָרווערט" אָנגעלאָדען מיט צעהן קוילען.. זיי געזונד — זאָגט ער — דו מיין הארצענס געליבטע! כ'האָב שוין אַזוי באַשלאָסען.. איך קאָן אָהן דיר נישט לעבען!.. און איך ענטפער איהם: הער זשע מיין בעסטער פריינד — ראַול...

**בובנאָוו.** (פאַרוואונדערט) וואָס, ווי, שוין גאָר; קראַול?

**באַראָן.** (לאַכט) וואָס איז מיט דיר, נאַסטיאַ? פריהער־דיקען מאָל האָסטו איהם דאָך אָנגערופען גאַסטאָן?!

**נאַסטיא.** (שפרינגט אויף אין כעס) שווייגט! איהר אומגליקליכע, בלודנע הינט! צו קענט איהר דען פאַרשטעהן, וואָס ס'איז אַזוינס „ליבע".. אַנ'אמתע ליבע?.. ביי אונז איז געווען אַנ'אמתע ליבע! (צו באַראָנען) און דו געמיינע באַשעפעניש, שיין כלומרשט אַ געבילדעטער מיינ[illegible].. [illegible]: אַז נאַך

ליגענדיג אין בעט, האָסטו קאָווע געטרונקען..

**לוקאַ.** וואָרט נאָר, שטערט איהר נישט; מ'דאַרף אכטען א מענשען.. נישט אין ווערטער באַשטעהט די זאַך, נאָר צוליב דעם וואָס מ'רעדט די ווערטער!.. דערצעהל מעדעל ווייטער! קוק זיך נישט אום אויף זיי!

**בובנאָוו.** נו טראַכט אויס עפּעס.. ווייטער!

**באַראָן.** נו ווייטער, ווייטער!

**נאַטאשא.** הערט זיי נישט.. וואָס אַרט דאָס דיר!.. דאָס איז נאָר מחמת קנאה.. זיי פאַרדריסט, וואָס זיי קענען פון זיך אַליין גאָר נישט רעדען..

**נאַסטיא.** (זפצט זיך) ניין.. איך וועל שוין נישט.. כ'וועל שוין מער גאָר נישט רעדען, וויבאַלד, אַז מען גלויבט מיר נישט, מ'לאַכט פון מיר.. (פויזע — שווייגט עטליכע מינוט, מאַכט ווידער צו די אויגען, דערצעהלט ווייטער הויך מיט קוראזש, מאַכענדיק מיט די הענט נאָכ'ן טאַקט פון איהרע ווערטער, אזוי ווי זי וואָלט הערען אַ מעלאָדיע פון דער ווייטען) און איך זאָג צו איהם; דו טרייסט פון מיין נשמה!.. מיין ליכטיגע לבנה! כ'קען אויך נישט לעבען אָהן דיר אויף דער וועלט.. איך ליב דאָך דיך אָהן אַ גרענעץ, און וועל דיך ליבען, אַזוי לאַנג ווי מיין האַרץ וועט קלאַפּען אין מיין ברוסט! נאָר — זאָג איך — דו נעהם זיך נישט דיין יונגעס לעבען.. דיין לעבען איז נויטיג פאַר דיינע טרייע עלטערן, דו ביזט דאָך זייער גאַנצער טרייסט און שטיצע.. וואַרף מיך אַוועק גלייכער זאָל איך אומקומען פון בענקעניש נאָך דיר מיין גאַנצען לעבען. איך בין דאָך איינע אַליין, טאָ זאָל איך בעסער אונטערגעהן! וואָרום, צו וואָס טויג מיר מיין לעבען? וואָס בלייבט מיר נאָך אויף דער וועלט? כ'האָב דאָ קיינעם נישט. גאָר נישט! (פאַרדעקט דעם פּנים מיט די הענט, און וויינט מיט אַ פאַרשטיקטען קול).

**נאַטאשא.** (קעהרט זיך אָפּ אָן א זייט; רעדט שטיל) וויין נישט. נאַסטיאַנקאַ! מ'דאַרף נישט! (לוקאַ שמייכעלט גוטמוטהיג, גלעט נאַסטיען איבען קאָפּ.

**בובנאוו.** (לאַכט) אַ זאַל דיר... נו, נו.

**באַראָן.** (לאכט אויך) אַלטיטשקער; דו מיינסט, אַז ס'איז אַ'ך אמת? דאָס האָט זי אַרויסגענומען פון אַ ביכל פון עפּעס אַנאומגליקליכע ליבע, עט, נאַרישקייט, שפּיי אויף דעם!

**נאטאשא.** וואָס ווילסטו, שווייג שוין בעסער אַז גאָט האָט דיך געשטראָפט!

**נאַסטיאַ.** (אויפגערעגט) אַך דו אונמענש! וואו איז דיין נשמה?

**לוקא.** (נעמט נאַסטיען פארן האַנט) קום אַוועק פון דאַנען, ליבינקע! נשקשה, ערגער דיך נישט! איך ווייס, איך גלויב דיר, דו האָסט רעכט, נישט זיי. ווען דו ביסט ביי זיך זיכער, אַז דו האָסט ערנסט געליבט, מסתמא איז דאָס געוועזן אַנ'אמתע ליבע און אויף דיין איצטיגען פריינד זיי נישט בייז; דאָס וואָס ער לאַכט אָפּ פון דיר איז עס בלויז מחמת קנאה, ער האָט נישט קיין באַגריף פון עפּעס ס'איז ערנסטקייט, קום לאָמיר געהן!

**נאַסטיא.** (דריקט צום פעסט די האַנט צו ברוסט) זיידעניו, כ'שווער דיר ביי גאָט, דאָס ס'איז געוועזן אויף אַנ'אמת! ער איז געוועזן אַ סטודענט, אַ פראַנצויז, מ'האָט איהם גערופען: גאַסטאָן, מיט אַ שוואַרץ בערדעל, האָט געטראָגען לאַקירטע שטיוועל, זאָל מיך אַ דונער שלאָגען, אויב איך זאָג אַ ליגען! ער האָט מיך אזוי' געליבט! אַזוי' געליבט!

**לוקא.** איך ווייס! איך גלויב דיר! אין לאַקירטע שטיוועל — זאָגסטו? אַי, אַי, נו! און דו האָסט איהם אויך געליבט?

(געהען אָפּ לאַנגזאַם צום ווינקעל פון דער ביהנע)

**באַראָן.** אי איז דאָס אַ נאַרישע מעדעל, זי איז אפילו א גוטע האַרציגע, אָבער זעהר אַ נאַרישע.

**בובנאוו.** זאָג מיר: פאַר וואָס האָבען מענשען אזוי ליב צו זאָגען ליגענס? איך קוק נאָר צו ווי מענשען זאָגען ליגענס, פונקט ווי זיי וואָלטען שטעהן פאַר'ן אויספאַרשונגס-ריכטער... יאָ ריכטיג!

**נאטאשא.** ס'זעהט אויס, דאָס דער ליגען איז אָנגע-נעהער ווי דער אמת... אָט, איך אויך...

**באראן.** וואָס-אויך, ווייטער?

**נאטאשא.** כ'וועל עפּעס אויסקלערען, איך וואַרט...

**באַראָן.** דו וואַרטסט—אויף וואָס?

**נאַטאַשאַ.** (שמייכעלט צומישט) אַזוי זיך... אָט קלער איך, מאָרגען... וועט קומען עמיצער צופאָהרען... אַ געוועהנליכער. אָדער אַג'אומגעוועהנליכער צופאַל, אָדער ס'וועט טרעפען אַזעלכעס וואָס ס'איז נאָך נישט געוועזען, דו ווייסט, איך וואַרט שוין זעהר לאַנג... שטענדיק וואַרט איך... אין דעם אמת זאָגענדיג; וואָס קען מיר דען טרעפען? (פויזע).

**באַראָן.** (שמייכעלט) נישטאָ וואָס צו וואַרטען.. איך ערוואַרט שוין גאָרנישט! ס'איז שוין אַלץ געוועזן... פאַרגאַנגען!... געענדיקט!... וואָס ווייטער?

**נאַטאַשאַ.** ווייטער אָט קלער איך מיר... ס'קען זיין מאָרגען וועל איך פּלוצלינג שטאַרבען, דערביי ווערט מיר אַזוי' אומעטיק אויפן האַרצען... זומער איז גוט צו טראַכטען וועגען טויט... זומער; דונערט און בליצט, און פון אַ דונער ווערט מען ס'רוב געהרגעט.

**באַראָן.** אַ ביטערער לעבען דיינער... אָט די'ז שוועסטער, האָט אַ טייוועלשען כאַראַקטער!

**נאַטאַשאַ.** און וועמען לעבט זיך גוט? יעדער האָט זיך זיין פּעקעל צרות, כ'חאָב מיר שוין אַזוי איבערצייגט,

**קלעשטש.** (וועלכער האָט די גאַנצע צייט געשוויגען, מיט אַמאָל זיך אויפגעהויבען) וואָס — זאָגט איהר — אַלעמען איז שלעכט ס'איז אַ ליגען! ווען ס'וואָלט אַלעמען' געוועזן שלעכט וואָלט מען זיך נישט דאַרפען באַקלאָגען!

**בובנאָוו.** וואָס ווילסטו דאָ? אַ בייזע חיה האָט דיך אַ ביס געטהון? זעה נאָר ווי ער ליאַרעמט! (קלעשטש לייגט זיך צוריק אויף די ברעטער און בורטשעט פאַר זיך)

**באַראָן.** כ'מוז געהן שלום מאַכען מיט נאַסטיען אַז נישט, וועט זי נישט געבען אויף קיין שנאַפּס.

**בובנאָוו.** אוי, האָבען מענשען הנאָה פון זאָגען ליגען! נו מילא; גאַסטיע, איז פאַרשטענדליך, זי איז שוין געוואוינט צו באַפּאַרבען דעם פּנים' באַפּאַרבט זי שוין אגב אַביסעל די נשמה אויך מיט רוזש, אָבער אַנדערע, וואָס טויג זיי דאָס

די ליגענס. אָט למשל: לוקאַ, שוין אַנ'אַלטער מאַן, וואָס נוצט איהם אַזויפיל צו פלוידערן ליגען?

**באַראָן.** (געהט אָפּ שמייכעלנדיק) אַלע מענשען האָבען גרויע נשמות — אַלע ווילען זיך צופאַרבען — פאַרמאַסקירען...

**לוקאַ.** (קריכט ארויס פון ווינקעל) דו פריץ באַראָן פאַר־וואָס בעוּלסטו דאָס אָרעמע מעדעל, זי וויל זיך אויסוויינען, טאָ שטער איהר נישט, זי האָט דערפון פאַרגעניגען וואָס שאַדט עס דיר?

**באַראָן.** הער, דו אַלטער נאַר! זי האָט מיר דערעסען... היינט — ראַוּל, מאָרגען — גאַסטאָן, שטענדיג איינס אין דאָס זעלבע! איבעריגס, איך געה מ'ט איהר שלום מאכען (געהט אָפּ)

**לוקאַ.** געה, געה חנפ'ע זיך צו! רעדען גוטע ווערטער שאַדט נישט.

**נאַטאַשאַ.** דו אַלטיטשקער ביזט אַ גוטהאַרציגער, פאַרוואָס ביזטו אַזאַ גוטער?

**לוקאַ.** אַ גוטער — זאָגסטו, נו, ס'דאַרף אַזוי זיין, פון הינטער דער רויטער וואַנט, הערט זיך די קלאַנגען פון אַ האַרמאָניע און אַ געזאַנג) יאָ מיין מעדעלע, עמיצער מוז דאָך זיין אַ גוטהאַרצי־גער, ס'מוז זיך דאָך ביי עמיצען דערוועקען רחמנות אויף עלענדע מענשען! כריסטוּס האָט אַלעמען געליבט אוּן האָט אינז געהייסען אַלעמען ליבען. איך זאָג דיר אַז רחמנות און הילף אין אַ גויט איז זעהר אַ גוטע מדה! אָט למשל, איך בין געווען אַ וועכטער אין אַזומער וואוינונג ביי אַ אינזשיניער ניט ווייט פון טאָמסק, נו גוט, דאָס הייזעל איז געשטאַנען אין מיטען אַ געדיכטען וואַלד. געווען איז דאָס אין מיטען ווינטער, איך בין דאַן געווען איינער אַליין... עס איז מיר געווען דאָרט זעהר גוט... נור, איינמאָל — איך הער, עפּעס עמיצער קריכט...

**נאַטאַשאַ.** גנבים?

**לוקאַ.** יאָ גנבים, קריכען... איך כאַפּ די ביקס, און געה ארויס, קוּק מיר אַרום—אַהאַ—צוויי געזונטע יונגאַטשעס נעהמען אַרויס אַ פענסטער__זיי זענען אַזוי שטאַרק פאַרטהון אין דער אַרבייט, דאָס זיי האָבען מיך נישט באַמערקט. איך שריי: „אך איהר אַזוינע און אַזוינע... אוועק פוּן דאנען! און

זיי צו מיר, מיט אַ האַק... איך בין זיי מתרה: געדענקט—שריי איך — אַנטלויפט גיך. וואָרום אַז נישט שיס איך! און שטעל טאַקי אָן די ביקס אויף איינעם און דעם אַנדערען. דערזעהענ־דיג די סכנה פאַר זיי, זיינען זיי באַלד געפאַלען אויף די קניה מיט אַ געוויין—האָב רחמנות!.. טויט אונז נישט! איך בין שוין אָבער געווען גוט אין כעס—צוליב דער האַק, וואָס זיי האָבען זיך אויף מיר פאַרמאסטען-שריי איך—איך האָב דאָך אייך ליי־דאַקעס—פריהער מתרה געווען, איהר האָט מיר נישט געפאָלגט. דאַריבער—זאָג איך:— זאָל איינער פון אייך אָפּברעכען אַ צווייגעל. מ'האָט מיר תכף געפאָלגט; איצט זאָל זיך איינער אַנידער לעגען, און דער צווייטער זאָל אריינקאַטעווען, אָבער פּייערדיקע שמיץ! מ'פאָלגט ווייטער, אָט אַזוי האָבען זיי געקאַ־טעוועט איינער דעם אַנדערען, אַז עס איז געווען אַ תענוג צו קוקען: נאָכדעם, ווען זיי האָבען מקיים פסק געוועזען, האָבען זיי מיר באַדאַנקט פאַר דער לעקציע. צום סוף זאָגען זיי—האָב רחמנות אַלטיטשקער, שענק אונז אַ שטיקעל ברויט! מיר האָבען שוין עטליכע טעג נישט געגעסען—אָט אַזעלכע גנבים זיינען דאָס געווען—מיין טייערע (ער לאַכט) און מיט אַ—האַק—ביידע עהרליכע יונגען, נו – פרעג איך—טאָ צו וואָס זשע, קונדסים האָט איהר באַלד נישט געבעטען אַ שטיקעל ברויט? ס'האָט זיך אונז שוין דערעסען—זאָגען זיי—מ'בעט און מ'בעט און קיינער גיט נישט... אַ קיצור, וואָס זאָל איך אייך זאָגען; זיי האָבען מיט מיר צוזאַמען איבערגעווינטערט. איינעם האָט מען גערופען סטעפּאַן, ער פלעגט אָפט נעהמען די ביקס אויפ'ן פּליי־צע און מאַרש אין וואַלד אַריין, אויפ'ן געיעג, דער צווייטער—יאַקאָב—געווען איז ער שטענדיק אַ קראַנקער, פלעגט תמיד הוסטען... מיר דריי האָבען אָפּגעהיט דאָס זומער-הייזעל. ס'איז אָנגעקומען פריהלינג... זיי געזונד, אַלטיטשקער! זאָגען זיי—זיי האָבען זיך מיט מיר געזעגענט און אַוועק אין רוסלאַנד.

**נאַטאַשא.** זיי זענען מסתמא געווען אַנטלאָפענע פון קאַטאָרזשנע??

**לוקא.** געוויס אַנטלאָפענע... אָבער אָרענטליכע יונגען! און ווען איך וואָלט נישט רחמנות האָבען אויף זיי, וואָלטען זיי

מיך געה'רג'עט... נאָכדעם וואָלט מען זיי פאַרמשפט נאָך סיביר אָדער קאַטאָרגע... אַך, וואָס פאַר אַ אָרדענונג? נישט סיביר, נישט די תפיסה קען אויסלערנען אַ מענשען צו ווערען גוט, נאָר אַ מענשליכע באַהאַנדלונג, קען אויסלערענען — גוטעס גאָר פשוט! (פויזע).

**בובנאָוו.** הם, יאָ! און איך זעהסטו, קען נישט זאָגען קיין ליגען!. צו וואָס טויג עס מיר? לויט מיין מיינונג, איז וואַלאַי! דעם ריכטיגען אמת אַזוי ווי עס איז! צו וואָס צערמאָניען זיך?...

**קלעשטש.** (שפרינגט ווידער אויף, ווי אַב'אָבגעבריהטער פון אָרט און שרייט:) וואָס פאַר אנאמת? וואו איז דער אמת? (טרייסעלט אויף זיך זיינע שמאטעס) אָט האָט איר דעם אמת!... קיין אַרבייט נישטאָ, קיין כח—נישטאָ, קיין וואוינונג—נישטאָ, חאָטש לעג זיך און שטאַרב!... אָט איז אייך דער אמת!... צו אַלדע רוחות דער אמת! וואָס דאַרף איך איהם? אָבער לאָזט מיר אָטעמען! לאָזט אַ רגע אָפּרוהען! מען פּייניגט אַנאומשולדיגע נשמה! און טענהען אַלץ—אמת, אמת, צום טייוועל מיט'ן אמת...

**בובנאָוו.** אָה, אפנים ס'האָט אים שוין גוט צוגעקלעמט ביים האַרצען.

**לוקאַ.** אַך ליבער גאָט! הער מיר נאָר צו ליבינקער דו!...

**קלעשטש.** (טרייסעלט זיך פון כעס) מ'רעדט דאָ נאָר פון אמת! דו אַלטער, דו טרייסט אַלעמען... איך וועל דיר זאָגען... איך בין אַלעמען אַ שונא!... און דעם דאָזיגען אמת אויך, פאַרשאָלטען זאָל דאָס ווערען אויף אייביג! פאַרשטעהסט! פאַרשאָלטען! (אנטלויפט אין ווינקעל אומקוקענדיג זיך)

**לוקאַ.** אַי, אַי, אַי! אָט ווי אַ מענטש ווערט איפגערעגט וואוהין איז ער'ס געלאָפען?

**נאַטאַשאַ.** ווי אַ משוגענער!

**בובנאָוו.** אָט, ווי ער האָט זיך פאנאנדערגעלאָזען! פונקט ווי ער וואָלט געשפּילט אין טעאַטער... ס'טרעפט דאָך אָפט אַזעלכע זאכען... ער האָט זיך נאָך נישט צוגעוואוינט צו אַזאַן אָרט לעבען.

**פעפעל.** (געהט לאנגזאם ארויס פון ווינקעל) אַ גוטען אָוועגד אייך בכבודיקע חברים! וואָס מאַכסטו אַלטער חיטרער לוקא? דערצעהלסט נאָך אַלץ דיינע בבא מעשיות?

**לוקאַ.** דו האָסט באַדאַרפט הערען, ווי דער מענש האָט זיך דאָ פאַנאַנדער געשריען!

**פעפעל.** ווער, קלעשטש? וואָס איז איהם געשעהען, וואָס לויפט ער אַרום ווי אַ משוגענער?

**לוקאַ.** דו וואָלסט אויך אַזוי אַרומגעלאָפען, ווען ס'וואָלט דיר אַזוי צוגעדריקט אין האַרצען.

**פעפעל.** זעצט זיך איך לייד איהם נישט, ער איז אַ שלעכטער, און אַ שטאָלצער מאכט נאָך קלעשטשען „איך בין אַנ-ארבייט מענטש", באַריהמט ער זיך, און אַלע אַרום איהם זיינען גאָר נישט ווערט... ווילסט אַרבייטען, טאָ אַרבייט! אָבער וואָס שטאָלצירסטו דערמיט?... ווען מען זאָל אָפּשאַצען עמיצען לויט זיין אַרבייט, דאַרף מען אַ פערד שעצען מעהר ווי אַלעמען, ער שלעפּט אַ וואָגען מיט משא, טאָג און נאַכט און שאַ שטיל... צו נאטאשא זיינען דיינע אין דערהיים?

**נאטאשאַ.** אַוועקגעגאַנגען אויפ'ן בית הקברות נאָכ-דעם, מסתמא, איז קלויסטער אויף אַ גאַנצע נאַכט, אָפּריכטען אַ תפילה.

**פעפעל.** נו ביזטו דאָך ערשט פריי... דאָס טרעפט זעהר זעלטען...

**לוקאַ.** פארטראכט צו בובנאוו דו רעדסט וועגען אמת; זאָלסט וויסען אַז נישט שטענדיג איז דער אמת נוצליך פאַר'ן מענשען, נישט שטענדיג קען דער אמת אויסהיילען אַ קראַנקע נשמה... איך האָב אַמאָל געקענט אַ מענשען, וועלכער האָט געגלויבט אין דער עקזיסטענץ פון אַנאמתדיגע מדינה.

**בובנאָוו.** אי, וואָס, אי, וואָס?

**לוקאַ.** אין דער עקזיסטענץ פון אַנאמת'דיגע לאַנד! ס'מוז—זאָגט ער—זיין אויף דער וועלט ערגעץ אַנאמתדיגע לאַנד וואָס דאָרט וואוינען אַזעלכע מענשען וועלכע זיינען גאָר נישט עהנליך צו אונז, זיי זיינען אלע גוטהאַרציגע, עהרליכע, ליבען זיך ווי אמתע ברידער, שטיצען איינער דעם אַנדערען אהן שום

פניות, בכלל איז דארט אַלץ גוט און פיין, און אָט דער מענש האָט זיך שטענדיג געקליבען אויפצוזוכען די דאָזיגע אמת'דיגע מדינה. אליין איז ער געווען — אַ גרויסער אָרימאַן, געלעבט — אין גרויס דחקות, צייטענווייז פלעגט איהם אַזוי צודריקען, חאָטש לעג זיך און שטאַרב, נאָר ער חאָט דעם מוטה נישט פאַרלוי־רען, פלעגט שטענדיג זאָגען מיט אַ שמייכעל: „עט נישקשה, כ'וועל אַביסעל ליידען און דולדען, נאָכדעם אַלץ אַוועקוואַרפען — און געהן אין דעם אמתדיגען לאַנד דאָרט וועט זיך געפינען אַ ווינקעלע פאַר מיר, דאָס איז געווען זיין איינציגע האָפע־נונג.

**פעפעל.** נו, וואָס איז ער טאַקי געגאַנגען,

**בובנאָוו.** וואוהין? כאַ — כאַ — כאַ.

**לוקא.** אָט צו יענעם אָרט — אין סיביר — די זאַך איז אַזוי געווען; מען האָט אַמאָל פאַרשיקט אַהין אַ גרויסען געלערנטען מאַן, ער האָט ביי זיך געהאַט פיל ביכער, נעשריבענע פלאַנען, אין עפעס מאָדנע אינסטרומענטען, אָט צו דעם געלערנטען, איז דער אָרימאַן צוגעשטאַנען און געבעטען זיך ביי איהם; „האָב רחמנות זון דאָרט אין דיינע ביכער און זאָג מיר וואו געפינט זיך דאָס אמתדיקע לאַנד און מיט וועלכען וועג דאַרף מען געהן אַהין, דער געלערנטער האָט אַריינגעקוקט אין אַלע זיינע ביכער, פאַ־נאַנדערגעלייגט זיינע פלאַנען, געקוקט, געזוכט און נישט געפונען אַזאַ מין לאַנד, דאָ — זאָגט ער — זענען באַשריבען אַלע מדינות, נור עפעס אַנ'אמתדיגע איז — נישטאָ!

**פעפעל.** שטיל נו, טאַקי נישט געפונען? בובנאָוו לאַכט

**נאַטאַשאַ.** צו בובנאָוו שווייג בעסער... נו וואָס אַל־טיטשקער?

**לוקא.** דער מענש אָבער גלויבט איהם נישט, ס'מוז זיין; — זאָגט ער — זוך נאָך בעסער! אויב ס'איז נישטאָ דאָרט דאָס אמתדיקע לאַנד, זענען אַלע דיינע ביכער און פלאַנען גאָרנישט ווערט; דער געלערענטער האָט זיך באַליידיגט; מיינע פלאַנען — זאָגט ער — זיינען זעהר ריכטיגע, נאָר אנאמתדיקע לאַנד איז גאר אויף דער וועלט נישטאָ, נו דאַן האָט זיך דער מענש אויך צו־בייזערט, סטייטש, וואָס הייסט עס? אַ מענש האָט זיין גאַנצעס

לעבען געגלויבט און געליטען און ער זאָגט גאָר. אַז לויט זיינע פּלאַנען איז גאר נישטאָ אַזאַ מדינה, ס׳איז דאָך ממש אַ סקאַנ-דאַל!! און האָט אַ געשריי געטהאָן צום געלערנטען: אַך דו נידערטרעכטיגער, אַ פּאָדליעץ ביזטו, נישט קיין געלערנטער! און האָט איהם. דערלאַנגט אַ פּראַסק אין איין באַק און אין דער צווייטער, נאָ! אָט האָסטו דיר פאַר דעם וואָס דו האָסט מיר באַגזלט! אַ רגע שטיל און נאָכדעם איז ער אַוועק אַהיים און זיך אויפגעהאַנגען. (אלע שווייגען, לוקא קוקט שמייכעלנדיג אויף פעפּלען און נאַ-טאַשען).

**פּעפּעל.** שטיל אַך צום טייוועל! נישט קיין פרעהליכע היסטאָריע!...

**נאַטאַשאַ.** ער האָט נישט געקאָנטאיבער טראָגען זיין ענטוישונג.

**בובנאָוו.** אומצטיג עס אַ נאַרישע מעשהלע.

**נאַטאַשאַ.** אַ שאָד אַזאַ מענשען!

**בובנאוו.** דאָס איז פלאַפּלעריי — זאָג איך אייך—אָה, האָ, אַנ׳אמתדיקע לאַנד! אויסגעטראַכט! האָ, האָ, האָ, פּארשוואונדעט אונטערען פענסטער

**לוקא.** שאָקעלט מיטן קאָפּ איר לאַכט? הע, הע פּויזע נו קינדער, זייט געזונד, כוועל שוין נישט לאַנג פאַרבלייבען מיט אייך.

**פּעפּעל.** וואוהין איצט?

**לוקא.** ייייט דאָרט אין דרום קאַנט, דאָרט—זאָגט מען—האָבען די כלאָפּעס אַנטפּלעקט אַ נייע אמונה... דארף מען אַ בליק טהון וואָס איז דאָרט, יאָ, מענשען זוכען שטענדיג, אַלע ווילען עפּעס בעסערס... זאָל זיי גאָט העלפען!

**פּעפּעל.** און ווי מיינסטו, זיי וועלען עפּעס געפינען?

**לוקא.** אָ אודאי וועלען זיי געפינען, ווער עס זוכט, דער געפינט, ווער עס זוכט מיט פלייס דער מוז געפינען!

**נאַטאַשאַ.** אי, ווען מענשען זאָלען עפּעס רעכטס געפי-נען, זיי זאָלען עפּעס גוטעס אויסקלויבען!...

**לוקא.** זיי וועלען שוין אויסטראַכטען, מ׳דאַרף זיי אָבער

צוהעלפען און אכטען ווייטער מיה, איך זאָל מיידעל דאַרפסט באַהילפיג זיין!

נאַטאַשע. ווי אַזוי זאָל איך העלפען, אז איך אַליין בין הילפלאָז!

פעפעל. ענטשלאָסען איך וויל נאָך אַ מאָל מיט דיר רעדען נאַסטאַשאַ, אין זיין געגענוואַרט... ער ווייס אַלעס, קום מיט מיר!

נאַטאַשא. וואוהין, אין די טורמעס?

פעפעל. איך האָב שוין געזאָגט, אַז איך וואַרף אַוועק די מלאכה פון גנבה, איך שווער ביי גאָט, דאָס איך וואַרף אַוועק, און מיין שבועה וועל איך געוויס מקיים זיין, איך קאָן: לעזען און שרייבען, כ'וועל עהרליך ארבייטען, אָט דער אַלטער זאָגט מיר אַז אין סיביר קען מען גוט פאַרדינען, לאָמיר פאהרען אַהין, גלויב מיר, דאָס דער איצטיגער ארט לעבען איז מיר נמאס געוואָרען, איך ווייס און זעה אַלעס... אפטמאָל טרייסט איך מיר מיט דער מחשבה, דאָס פילע מענשען גנב'נען אַ סך מעהר פון מיר, און דאָך לעבען זיי אין עושר און כבוד, נור דאָס איז פאר מיר נישט געניגענט... מיר געהט עס נישט אָן: איך וועל דאָס נישט טהון מחמת חרטה; ווייל איך גלויב נישט אין געוויסענס-ביסע, נור איך פיהל ביי זיך, אַז איך דאַרף אַנדערש לעבען. כ'וועל פיהרען אַ אַ נ'ארט לעבען, אז איך זאָל קענען זיך אַליין אכטען.

לוקאַ. זעהר ריכטיג, מיין פריינד! זאָל דיר גאָט מצליח זיין! יאָ האָסט רעכט, אַ מענש דאַרף זיך זעלבסט אכטען!

פעפעל. איך בין פון קינדווייז אָן; אַ גנב, אַלע האָבען מיר שטענדיג גערופען: „וואסקא גנב" דער טאַטע,—אַ גנב, דער זוהן; אַ גנב—אַהאַ, אַז עס איז שוין יאָ אַזוי נו, בין איך טאַקי אַ גנב! דו פארשטעהסט? ס'קען זיין, דאָס כ'בין געוואָרען א גנב צולהכעיס—כ'האָב קיין אנדערען נאָמען נישט געהערט, נאַר: גנב, גנב! אפשר דו נאַטאַשאַ, וועסט מיר אנדערש אנרופען? נו?

נאַטאַשא. אומעטיג איך גלויב גאָרנישט, כ'האָב נישט, קיין צוטרוי צו ווערטער... ס'איז מיר היינט אַזוי אומעטיג עפעס דריקט מיר אַזוי אין האַרצען, אזוי ווי ס'וואָלט מיר

פרוואַרטען אַנ׳אומגליק, האָסט נישט באַדאַרפט היינט אָנהויבען מיט מיר דעם דאָזיגען געשפרעך!

**פעפעל.** ווען דען? שוין נישט דעם ערשטען מאָל זאָג איך דיר די ווערטער...

**נאַטאַשאַ.** צו וואָס זאָל איך געהען מיט דיר? אַז זעהר ליבען, ליב איך דיך נישט... ס׳טרעפט אַ מאָל אַז דו געפעלסט מיר יאָ און אָפט מאָל, קען איך דיך נישט אָנקוקען... גיין דאס הייסט נישט קיין ליבע! דעם וואָס מען ליבט זעהט מען אין איהם קיין שלעכטס, און אין דיר זעה איך נישט קיין גוטעס...

**פעפעל.** דו וועסט מיך נאָך ליבען — האָב נישט קיין מורא! יועסט זיך צוגעוועהנען צו מיר! דו דאַרפסט נאָר איצט איינוויליגען! מיר קענען זיך שוין מעהר ווי אַ יאָהר, אין דער צייט האָב איך איינגעזעהען, דאָס דו ביזט אַנ׳עהרליכע און גוטע מיידעל, מ׳קען האָבען צוטרוי צו דיר, נו האָב איך זיך פאַרליבט אין דיר מיט׳ן גאַנצען האַרצען וואסיליסאַ באַווייזט זיך אין הויכען פענסטער אנ׳אויסגעפוצטע און הערט צו זייער געשפרעך.

**נאַטאַשאַ.** אַזוי, מיך — האָסטו געליבט, און מיין שוועסטער?

**פעפעל.** צומישט עה, דאָס איז גאָר וואָס אַנדערש, אַזעלכע ווי זי זענען פאַרהאַן פיל אויף דער וועלט.

**לוקאַ.** צו נאטאשא דאָס זאָל דיך נישט אַרען, בשעת מען איז הונגעריג כאַפּט מען וואָס ס׳איז צום עסען.

**פעפעל.** אומעטיג האָב מיטלייד מיט מיר און זאָג מיר נישט אָפּ! איך האָב נאָך קיין פרעהליכע מינוט נישט געהאַט אין מיין וועלט, פאַרברענג שטענדיג אַ הינטישען לעבען, כ׳בין געגליכען צו איינעם וואָס פאַלט אַריין אין אַ טיפען זומפּף און אין וואָס ער כאַפּט זיך אָן ווערלענדיק זיך ראַטע-ווען איז אַלץ צופוילט און צוקריכט אין האַנט, אָט, דיין שוועסטער... איך האָב גערעכענט אַז זי איז עפּעס אַנדערש, ווען זי וואָלט נישט געווען אַזוי גייציג נאָך געלד, וואָלט איך פון אירעטוועגען אַפילו אין גיהנום געגאַנגען אַבי זי זאָל געהערען מיר אַליין, נאָר זי דאַרף בלויז געלד און זיין אַ

פרייער פויגעל זי שטרעבט נור צו אויסגעלאָסענקייט, זי קאָן מיר נישט העלפען, אָט די ביזט נאָך אַ יונגע סאָסנעלע, שטעכסט אַ ביסעל, אָבער מ׳קען זיך אָנהאַלטען אָן דיר.

**לוקאַ.** פאָלג מיר, מעדעל! געה מיט איהם ער איז אייגענטליך אַ גאַנץ גוטער בחור, דו דאַרפסט איהם נאָר שטענ־דיג דערמאָנען און זאָגען: „וואַסיאַ, דו ביזט אַנ׳אָרענטליכער מענש" פאַרגעס דאָס נישט און ער וועט דיר גלויבען. באַ־דענק דיר, וואָס וועט פון דיר ווערען, אַז דו וועסט פאַרבליי־בען ביי דיין שוועסטער, זי איז אַ ווילדע חיה, און פון איהר מאַן איז נישטאָ וואָס צו רעדען, דאָס איז אַנ׳אַלטער גנב, יאָך אפשר ערגער פון איהר, און דאָס גאַנצע לעבען אין דעם ה׳ יז זאָל גאָט רחמנות האָבען! וואַסיאַ איז אָבער אַ פעסטער בחור!

**נאַטאשא.** אוי נישטאָ וואוהין צו געהן... איך וויס... כ׳האָב שוין געקלערט... נאָר... איך גלויב קיינעם נישט! און איך האָב נישט וואוהין צו געהען.

**פעפעל.** נאָר איין וועג... אָבער אויף דעם וועג וועל איך נישט דערלאָזען איך וועל מיט מיינע אייזערנע הענד דער־ווערגען...

**נאַטאשא.** שמייכעלנדיג זעהסטו שוין, כ׳בין נאָך נישט דיין ווייב, און ווילסט שוין הרגענען...

**פעפעל.** אומארמט איהר אַי לאָז שוין צורוה נאַטאַשאַ! ס׳וועט דיר נישט שלעכט זיין!

**נאַטאַשאַ.** טוליעט זיך צו איהם איך וועל דיר זאָגען גאָר דעם אמת, ווי איך וואָלט רעדען פאַר גאָט; אויב דו וועסט מיר נאר איין קלאַפּ געבען, אָדער מיט וואָס ס׳איז באַליידיגען וועל איך אָדער זיך אַליין דערווערגען אָדער...

**פעפעל.** זאָל מיר פריהער די האַנד אָפּגעדאַרט ווערען איידער איך וועל דיר אָנריהרען!

**לוקאַ.** האָב קיין מורא נישט מיין ליבינקע—ער דאַרף דיך האָבען נויטיגער ווי דו דאַרפסט איהם:

**וואַסיליסא.** דורכ׳ן פענסטער אַ, וואָס, שוין געווען תנאים? נו מזל טוב אייך!

**נאַטאַשאַ.** אָ שוין צוריקגעקומען, אַך מיין גאָט! זיי האָבען אַלעס געזעהען.

**פּעפּעל.** וואָס האָסטו זיך דערשראָקען?! איצט וועט דיך קיינער נישט אַ ריהר טהון!

**וואַסיליסאַ.** זיי רוהיג— נאַטאַשאַ! ער וועט דיך נישט שלאָגען, אַזאַ פּערשוין ווי ער, קאָן זיך נישט נוקם זיין און קאן אויך נישט ליבען, אָ איך קען איהם שוין גוט?

**לוקאַ.** שטיל אַך דו בעסטיע איינע!

**וואַסיליסאַ.** אָ דאָס איז אַ העלד נור מיט'ן מויל!

**קאָסטילאָוו.** קומט צו וואָס טהוסטו דאָ, נאַטאַשאַ? דו ליידיגגעהער, אומזיסט עסערקע רכלותניצע, מסרסט אויף דיינע אייגענע, דעם סאַמאָוואַר האַסטו אָנגעשטעלט? געדענק דעם טיש?

**נאַטאַשאַ.** אָפּגעהענד איהר האָט דאָך געוואָלט גיין אין קלויסטער...

**קאָסטילאָוו.** ס'איז נישט דיין עסק, וואָס מיר האָבען געוואָלט געהען, דו האָסט באַדאַרפט טהון דאָס וואָס מ'האָט דיר אָנגעזאָגט!

**פּעפּעל.** שווייג זאָג איך דיר: זי איז נישט מעהר דיין דינסט—נאַטאַשאַ, געה נישט! און טהו גאָרנישט!

**נאַטאַשאַ.** דו באַפעהל מיר נאָך נישט; ס'איז נאָך צו פריה! געהט אָפּ

**פּעפּעל.** צו קאָסטילאָוו'ן אַ סוף זאָל שוין זיין! איהר האָט שוין גענוג דאָס מעדעל געמאַטערט, איצט איז זי מיינע!

**קאָסטילאָוו.** אַזוי, שוין גאָר דיינע? וואו האָסטו זי געקויפט, וויפיל האָסטו פאַר איהר באַצאָהלט?

**וואַסיליסאַ** לאַכט

**לוקאַ.** וואַסיאַ, געה אַוועק פון דאַנען פאָלג מיר!

**פּעפּעל.** לאַכט, לאַכט! זעהט נאָר איהר זאָלט נישט דאַרפען וויינען.

**וואַסיליסאַ** לאַכט אוי סאראַ פּחד! אוי כ'האָב מורא.

**לוקאַ** פאָלג מיר וואַסיאַ און געה אַוועק פון דאַנען

זעהסט דאָך זי וויל דיך בכיון אויפרייצן און אַרויסברענגען פון געדולד, פאַרשטעהסט?!

**פעפעל.** אַהאַ, איך פאַרשטעה! זיי רוהיג! ס'וועט איהר זיך נישט איינגעבען דאָס וואָס זי וויל:

**וואסיליסאַ.** זאָלסט אָבער געדענקען, וואַסיאַ, אַז ס'וועט אויך נישט געשעהן דאָס וואָס איך וויל נישט!

**פעפעל.** דראָהעט צו איר מיט'ן פויסט נו מיר'ז זעהען... געהט אָפּ

**וואסיליסא.** אָוועקגעהענדיג פון פענסטער וואַרט, איך וועל אייך שוין אויפשפּילען אַ חתונקע!

**קאָסטילאָוו.** געהט צו צו לוקאַ וואָס איז מיט דיר אַל־טיטשקער?

**לוקא.** גאָרנישט אַלטינקער!

**קאָסטילאָוו.** מ'זאָגט, דאָס דו פאַרלאָזט אונז שוין!

**לוקא.** יאָ, ס'איז שוין צייט!

**קאָסטילאָוו.** וואוהין?

**לוקא.** וואו די אויגן וועלען פיהרען.

**קאָסטילאוו.** ס'הייסט ווייטער וואַנדערען, ס'זעהט אויס דאָס דו האָסט נישט ליב צו זיצען אויף איין אָרט.

**לוקא.** אונטער אַ שטיין—זאָגט מען—פליסט קיין וואַסער נישט.

**קאָסטילאָוו.** נו. אַ שטיין, בלייבט אַ שטיין, אָבער אַ מענטש דארף האָבען זיין אָרט, נישט אזוי ווי די גרילען קריכען ארום וואו זיי געפינען ערגעץ אַ לאָך, אנ'אנשטענדיגער דאַרף זיך באַ־זעצען אויף אַ שטענדיגען אָרט און נישט ארומשלעפּען זיך איבער דער וועלט!

**לוקא.** עס זענען פאַרהאַן אָבער אזעלכע מענשען, וואָס אומעטום איז זייער היים.

**קאָסטילאָוו.** אָט אַזאַ מענש איז אַ שלעפּער, ברענגט נישט דער וועלט קיינע נוצען. יעדער פון אונז איז מחויב צו ארבייטען און ברענגען נוצען דעם אנדערען...

**לוקא.** אזוי גאָר?!

**קאַסטילאַוו.** געוויס אַזוי! וואָס איז אַ וואנדערער? דאָס

איז עפּעס אַ מאָדנער מענש?...נישט עהנליך צו אנדערע מענשען, זען ער איז אנ'אמתער וואנדערער האָט ער וואס עס איז געלערענט, ער איז עפּעס דערגאַנגען אַ העכערן סאָרט אמת, טאָ זאָל ער דאָס באהאלטען פאַר זיך און שווייגען, אנ'אמתער חכם שווייגט... ווארום צו וואָס פלוידערען אומזיסט, אז קיינער פרעגט איהם נישט? אזאַ חכם פארלאנגט גאָר נישט פון קיינעם, ער מישט זיך נישט אַריין אין פרעמדע אינטערעסען, ער מאכט נישט קיין אינטריגעס, אָט-טראַכט ער זיך—זאָלען זיך מענשען לעבען ווי זיי פערשטעהען, אַ קלוגער מענש באדארף נור קלערען בלויז פון עולם הבא, באדארף וואוינען ערגעץ אין אַ וואַלד אָדער אין אַ הייל כדי קיינער זאָל איהם נישט זעהען, אַ קלוגער וואנ-דערער חוזק'ט נישט אָפּ פון קיינעם, באליידיקט נישט קיינעם, אדרבה, ער איז תמיד מתפלל פאַר אלעמען. צוליב די עברות פון דער גאַנצער וועלט, ער בעט גאָט ער זאָל מכפר זיין מיינע עברות, דיינע עברות און אלעמענס עברות, אָט אזוי פארשטעהסטו מיר! פּויזע און וואָס ביזטו פאַר אַ וואנדערער? קיין פראשפארט האָסטו נישט...אנ'ארענטליכער מענש דאַרף האָבען אַ פּראַשפּארט! אלע אָנשטעדיגע מענשען האָבען פּראַשפּאָרטען, יאָ!

לוקאַ. ס'זענען דאָ אזעלכע לייט און ס'איז פאראן אַנ-דערע מענשען...

קאָסטילאָוו. דו חכמע זיך נאָר נישט, רעד מיר נישט מיט קיין רעטעניש, איך בין אויך אזוי קלוג ווי דו! וואָס איז דאָס אַזוינס—מענשען און לייט?

לוקא. וואָס פאַר אַ רעטענישען? איך זאָג נאָר, אַז ס'איז דאָ אנ'אונפרוכטבארע ערד, אויף וועלכע ס'וואַקסט גאָר נישט און ס'איז דאָ אַ פעטע ערד, וואָס דו וועסט נאַר פאַרזייען, וועט אויף איר גוט וואַקסען, אָט דאָס מיין איך.

קאָסטילאָוו. וואָס מיינסטו דאַמיט?

לוקא. אָט למשל דו, ווען גאָט אליין זאָל דיר זאָגען; „מיכאלקע, זיי אַ מענש!" וועט דאָס גאָרנישט העלפען; ווייל אזוי ווי דו ביזט, אזוי וועסטו שוין פארבלייבען.

קאָסטילאָוו. אַהאַ, נו זיי וויסען, דאָס מיין ווייב'ס פעטער איז אַ פּאָליציאַנט און אַז איך וועל נור...

וואַסיליסאַ. (געהט אריין) מיכאַל, קום טרינקען טהיי!

קאָסטילאָוו. (צו לוקאַ) דו ברודערקע, טראָג זיך באַצייטענס אָפּ פון דאַנען, אַזוי לאַנג ווי דו האָסט נאָך גאַנצע ביינער! ארויס פון מיין הויז!...

וואַסיליסאַ. און איך ראַטה דיר טאַקי באַלד אוועקגעהען פון דאַנען, ווייל דו האָסט אַ צו לאַנגען צינגעל, איבעריגענס, ווער ווייס, אפשר ביסטו גאָר אַ נ׳אַנטלאָפענער.

קאָסטילאָוו. היינט זאָל דיין פוס דאָ נישט געדאַכט ווערען, אויב נישט... געדענק!

לוקאַ. וועסט רופען דיין פעטער? נו רוף דיין פע-טער! ער וועט כאַפּען אַ וואַזשנעם פּאַרברעכער, און וועט באַ-קומען אַ׳נאַגראַדע לכל הפחות—3 קאָפּיקעס!

בובנאָוו. (דורכ׳ן פענסטער) וואָס איז דאָס פאַר אַ מסחר ביי אייך? פאַר וואָס 3 קאָפּיקעס?

לוקאַ. הערסט דאָך, מען וויל מיך פאַרקויפען!

וואַסיליסאַ. צום מאן לאָמיר געהען

בובנאָוו. פאַר 3 קאָפּיקעס? היט זיך אַלטער! זיי קענען דיך פאַרקויפען פאַר איין קאָפּיקע אויך;

קאָסטילאָוו צו בובנאוו דו קוקסט דאָרט אַרויס אַזוי ווי אַ שד פון קוימען; געהט אָב מיט זיין ווייב

וואַסיליסאַ. בעהענדיג אך ווי פיל פינסטערע מענשען זענען פאַראַן אויף דער וועלט, און וואָס פאַר אַ שאַרלאַטאַנעס ס׳דרעהען זיך ארום!

לוקאַ. איך ווינש אייך גוטען אַפּעטיט!

וואַסיליסאַ. האַלט ס׳מויל, דו אַלטער פּאַסקודניאַק! געהט ארויס מיט׳ן מאַן

לוקאַ. היינט אוועגד געה איך אַוועק פון דאַנען.

בובנאָוו. וועסט זעהר גוט טהון, צום בעסטען איז באַ-צייטענס אוועקגעהן.

לוקאַ. יאָ, האָסט רעכט!

בובנאָוו. איך ווייס דאָס פון פראַקטיק...דאָס אוועקגעהן באַצייטענס, האָט מיך געראַטעוועט פון געהן אויף קאַטאָרגע.

לוקאַ. ווי אַזוי?

בובנאָוו. ריכטיג: די מעשה איז אזוי געווען: מיין ווייב האָט זיך צופּעפּ צונויפגערעדט מיט מיינעם אַ געזעלען, אמת

דער געזעלען איז געווען זעהר אַ גוטער אַרבייטער, ער פלעגט אָפּאַרבּען אַ הינטישע פעל, האָט עס אויסגעזעהען פונקט ווי אַ ביבער, פון קעצענע פעלכלעך, פלעגט ער מאַכען קענגורעס און פּיזעם, געווען ממש אַ קינסטלער אין דער ארבייט, נו האָט זיך מיין ווייבעל אין איהם פארליבּט און ער אין איהר, בקצור כ'האָב ערוואַרט יעדען טאָג אַ אוואַנטורע פון זיי, אָדער זיי וועלען מיך אפּסמ'ען, אָדער אויף אַנ'אנדער אופן מיך איבּערטראַנספּאָרטירען אויף יענע וועלט, נו איך פלעג מיין ווייב אָפּטמאָהל אנברעכען די ביינער, פלעגט ער אָבער דערפאַר אין מיר ארייגלייגען קלעפּ כדבאי, אַ שטאַרקער יונגאַטש געווען, ער האָט מיר איינמאָל אויסגעריסען אַ האַלבע באַרד און צובראָכען אַ ריפּ, איינמאָל בין איך געוואָרען אַזוי אין כעס אַז איך האָב געחאַפּט דעם אייזערנעם ארשין און דערלאַנגט דאַמיט מיין ווייב איבער'ן קאָפּ. ס'האָט זיך דאַן אָנגעהויבען אַ מלחמה צווישען אונז דריי, כ'האָב אָבער געזעהען דאָס איך וועל דאָ גאָר ביישט אויספירען, זיי ביידע זענען שטאַרקער פאַר מיר, און סוף כל סוף וועלען זיי מיך פטר'ן פון דער וועלט. נו— טראַכט איך מיר—איך וועל זיך מקדים זיין, און קודם כל וועל איך אוועקשיקען מיין ווייב דאָרט אַהין וואו זי וואָלט וועלען מיך זעהען. דער געדאַנק וועגען באַגעהען אַ מאָרד האָט מיר גע־עגבּערט אין קאָפּ אָהן אַנ'אויפהער נור ענדליך האָב איך זיך מישב געווען און באַצייטענס אַנטלויפען פון דערהיים.

לוקא. האָסטו טאַקי זעהר גוט געטהון! זאָלען זיי זיך מאַכען פון הינטישע פעל ביבערס!

בובנאוו. נור דאָס איז די צרה, וואָס די גאַרבעריי איז אויף דעם ווייבס נאָמען און איך בין געבליבען אָט אַזוי ווי דו זעהסט מיך! כאָטש, דעם אמת זאָגענדיג; איך וואָלט די גאַרבעריי אין גאַנצען פאַרשכורט; וואָרום איך בין געוואוינט צו טרינקען בראָנפען אָהן אַ שיעור.

לוקא. אוי דאָס איז אַ שלעכטע געוואוינהייט!

בובנאוו. יאָ איך בין אַ שרעקליכער שכור! צייטענווייז פאַרשכור איך אפילו דאָס העמד פון לייב, און איך בין זיך מודה פאַר דיר, דאָס איך בין אַ טייוולאַנישער פוילער איך

ליב נישט צו אַרבייטען. סאטין מיט אַקטיאָר קומען אריין דורכוועדטלען־דיג צווישען זיך.

סאַטין. פלוידערסט, דו וועסט אין ערגעץ נישט געהען, ס׳ איז נאָר אַ קאָפּ פאַרדרעהעניש צו לוקא הער נאָר אַלטער! וואָס האָסטו אָנגעדראָלט אַ מוח אָט דעם שוטה?

אַקטיאָר. ס׳איז אַ ליגען! זאָג איהם אַלטיטשקער, דאס ער זאָגט ליגען, אָט געה איך טאַקי, איך האָב היינט געאַרבייט, געריייניגט דעם גאַסען ברוק און נישט געטרונקען קיין בראָנ־פען! אָ זעהט נאָר! איך האָב 2 גילדען אין קעשענע און דאָך בין איך ניכטער!

לוקאַ. צו סאטין פאַרוואָס פירסטו איהם אַראָפּ פון וועג?

סאַטין. דעקלאמירט זאָג מיר נור דו נביא, געליבטער פון גאָט, וואָס וועט פאָרקומען אין דער צוקונפט פון מיין לעבען: דו ווייסט? איך האָב היינט פאַרשפּילט ביז איין גראָשען! נו, נו, די וועלט גייט נאָך נישט אונטער, עס זיינען פאַרהאַן גרעסערע קאָרטען־שפּילער פון מיר.

לוקאַ. אַ דו ביזט אַ פרעהליכער יונג קאסטאנטין — און ביזט אויך אַ ליבליכער בחור!

בובנאָוו. אַקטיאָר, קום נאָר אַהער!

אקטיאר געהט צום פענסטער, זעצט זיך נעבען סאטין, ביידע רעדען שטיל צווישען זיך.

סאַטין. הער אַלטער! אַמאָל האָב איך נישט אַזוי אויסגעזעהען ווי איצט, ס׳איז אַ תענוג צו עראינערען, געווען בין איך אַ בחור אַ טויגליכער צו אַלעם, אַנ׳אויסגעצייכענטער טענצער שטעהענדיג אויף דער ביהנע פלעג איך משמח זיין דעם עולם, אַלע האָבען מיך געליבט!

לוקאַ. און וואָס האָט דיך אַראָפּגעשטויסען פון וועג?

סאַטין. וואָס ביזטו אַזוי נייגעריג? אַלץ ווילסטו ווי־סען, אַלטיטשקער!

לוקאַ. ס׳ווילט זיך וויסען, וואָס עס קומט פאָר אין לעבען פון אַ מענשען; אָט למשל; קוקענדיג אויף דיר זעהסטו אויס גאַנץ אַנשטענדיק און נישט קיין נאַרישער יונג—און דאָך...

סאטין. די טורמע האָט מיך אַראָפּגעפּירט פון וועג. ווידעלע, פיער יאָהר מיט זיבּען חדשים אָפּגעזעסען... און דער וואָס האָט איינמאָל פאַרזוכט די טורמע, פאַר דעם זײַנען שוין אַלע וועגען פאַרצוימט...

לוקא פאַר וואָס ביזטו דאָס אַזוי לאַנג געזעסען?

סאטין אָט עפּעס צוליב אַ פּאָדלעץ, כ'האָב געהרגעט אַ פּאָדלעץ זייענדיק אויפגערייצט פון כעס און דענערווירונג, אין טורמע האָב איך מיר אויסגעלערנט שפּילען אין קאָרטען.

לוקא געהרגעט, מסתמא צוליב אַ נקבה?

סאטין צוליב מיינע אַנ'אייגענע שוועסטער. אָבער גע- נוג פון דעם צו רעדען, איך האָב נישט ליב ווען מען פרעגט מיך אויס... עס איז שוין אַ לאַנגע צייט פאַראיבּער. מיין שוועסטער איז שוין מיט ניין יאָהר צוריק געשטאָרבען, געוועזען זעהר אַ פיין מיידעל געוועזען מיין שוועסטעריל...

לוקא דו ביזט נאָך אַ גליקליכער מענש, וואָס דו קענסט איבּער טראָגען די יסורים פון דיין האַרץ, דו האָסט באַדאַרפט זעהן דעם שלאָסער, ווי ער איז נידערגעשלאָגען, אַי, אַי, אַי...

סאטין ווער קלעשטש?

לוקא יאָ, דער זעלבער, קיין אַרבייט איז נישטאָ!— דעם קאָפּ צולייגען – נישטאָ, גאָרנישטאָ!

סאַטין ער וועט זיך מיט דער צייט צוגעוואוינען, און וואָס טהו איך דאָ?

לוקא שטיל זעהסט, אָט געהט ער!

סאטין הער דו אלמן! וואָס האָסטו אַזוי אראפּגעלאָזען דיין שמעקער! וואָס, ווילסט עפּעס אויסקלערען?

קלעשטש איך קלער וואָס זאָל איך טהון, קיין געצייג האַב איך נישט, אַלץ האָט די לויה ביי מיר אויפגעגעסען.

סאטין איך וועל דיר געבען אַנ'עצה; טהו גאָרנישט! באַלאַסטיג זיך אויף דער געזעלשאַפט, זאָלען זיי דיך אויסהאַלטען.

קלעשטש ס'איז דיר גרינג צו זאָגען–איד שעם מיך נאָך פאַר מענשען!

סאטין געה שוין, געה, ס'איז נאַרישקייט! מענשען שע-

מען זיך ניט צו צוקוקען ווי דו לעבסט ערגער פון אַ הונט. באַ־דענק זיך נאָר, דו וועסט אויפהערען צו אַרבייטען, איך וועל נישט אַרבייטען און נאָך הונדערטער טויזענטער אַלע! פאַרשטעהסט? אַלע וועלען אַוועקוואַרפען די אַרבייט, ווען קיינער וועט גאָר־נישט וועלען טהון.. וואָס וועט דאַמאָלס ווערען?

**קלעשטש.** וועלען אַלע אויסגעהען פון הונגער. פון קאָס־טאָוס פענסטער הערט זיך אַ יאָמערליכע געשריי פון נאַטאַשאַ; פאר וואָס? פאַר ווען? וואָס האָב איך געזינדיגט?

**לוקאַ.** אומרוהיג דאָס איז נאַטאַשאַס קול, אוי וואָס טהוען זיי איהר דאָרט? פון קאָסטילאָווס וואוינונג הערט זיך: אַ טומעל א ליארעם. אַ קלינגעריי פון צובראָכענע כלים און דער פאַרצווייפעלטער קול פון קאַסטילאָווו: „אַך דו שלימיו אַלניצע! אפּקורסטע!...

**וואסיליסאַ.** וואַרט נאָר! לאָז מיר, איך וועל איהר דאָ ווייזען!

**נאטאשא.** שרייט אַ מענשען ראַטעוועט! מ׳שלאָגט! מ׳הרגעט!

**סאטין.** דורכ׳ן פענסטער העי! וואָס טהוט זיך דאָרט ביי אייך.

**לוקא.** לויפט ארום א פארצווייפעלטער אויף דער ביהנע מ׳דאַרף רופען אַהער וואסיאן! אָ גאָט דערבאַרמדיקער, ברידערלאַך, זוכט אויף וואַסקען.

**אקטיאָר.** ארויסלויפענדיג איך וועל איהם דאָ באַלד ברענגען!

**בובנאוו.** די לעצטע צייט שלאָגען זיי איהר שוין צו אָפטער.

**סאַטין.** קום אַלטער. מיר וועלען זיין עדות!

**לוקא.** געהט נאָך סאטינען וואָס קען איך דאָ העלפען מיט מיין עדות זאָגען, ס׳וואָלט גלייכער געווען צורופען אַהער וואַסקען;

**נאַטאשא.** קרעכצט אוי די שוועסטער, מיין שוועסטערל... א. אַ. אַ.

**בובנאוו.** מ׳האָט איהר פארשטופט דאָס מויל, מ׳מוז געהען און זעהען!

דער ליאַרעם אין קאסטילאָווס וואוינונג, ווערט שטילער, ס׳שטילער עס זעהט אויס ווי עמיצער געהט אַרויס פון צימער אין פאָרהויז, ס׳הערט זיך אַ געשריי פון אַלטען

ישמעה״! די טיר פֿאַרמאַכט זיך מיט א שטאַרקען הוק. נאָכדעם הערשט א פּול־קאָמע שטילקייט. אויף דער ביהנע איז שטיל׳ אָרעגט טונקעלהייט.)

**קלעשטש.** (זיצט זיך גלייכגילטיג אויפ׳ן שליטען. רייבט זיך די הענט, נאָכ׳ דעם הויבט ער אָן צו וואָרטשען אימער העכער אונ לויטערער) נו, וואָס דען מ׳דאַרף לעבען! (לויט) דעם קאָפּ וואו צו לייגען... נישטאָ... קיין אַר־בייט... נישטאָ, גאָר נישטאָ! אַ מענש איז איינער אליין, נישטאָ קיין הילף פון קיינעם! (געהט אַפּ לאַנגזאַם איינגעהויקערט עטלעכע מינוט אַנ׳אומעטיקע שטילקייט, נאָכדעם פון ערגעץ היגטער א ווינקל א פאַרטויבטער ליאַרעם נישט דייטליכע קולות, דער ליאַרעם שטאַרקט זיך אונ דערנעענטערט זיך, מ׳קען שוין דערקענען איבערגעהאַקטע ווערטער.)

**וואַסיליסאַ.** ס׳איז דאָך מייַן שוועסטער, וואָס געהט עס דיר דעראָן?

**קאָסטילאָוו.** וואָס איז דאָס פאַר אַ העזה? דו ליידאַק!

**וואַסיליסאַ.** דו קאַטאַרזשניק!

**סאַטין.** רוף נאָר אַהער וואַסקעו! זאָב, גיב קלעפּ! (ס׳הערט זיך א פייף פון א׳ פאָליציאַנט)

**טאַטאַרין.** (לויפט אַרויס, די רעכטע האַנט אַרומגעבונדען) וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, מ׳זאָל אין מיטען העלעז טאָג מאָרדען?

**קריוואָי זאָב.** (הינטער איהם מעדוועדיעוו) עה, איך וואָלט איהם דערלאַנגט האָטש נאָך איינמאָל!

**מעדוועדיעוו.** דו, וואָס מאַכסטו פֿ פאַר אַוואַנטורעס?

**טאַטאַרין.** אונ דו וואָס איז דיין פליכט?

**מעדוועדיעוו.** (יאָגט זיך נאָך דעם טרעגער שטעה, גיב אָפּ די פייפעל!

**קאָסטילאָוו.** (לויפט אַרויס) אַבראַם! כאַפּ איהם! נעהם איהם ער...

(פון ווינקעל געהען אַרויס קוואַשניאַ אונ נאַסטיאַ, פיהרענדיג נאַטאַשאַן אָרעם. סאַטין געהט פון הינטען אונ שטויסט אָפּ וואַסיליסאַ, וועלכע האַלט אויסגעשטרעקט די הענט אונ וויל שלאָגען איהר שוועסטער, נעבען איהר שפּרינגט ווי א רוח אַלעשקאָ אונ פייפט אונ גרילצט וואַסיליסען אין די אויערען. שרייט אונ בילט ווי א הונט אויף איהר, דערביי קלויבען זיך אָן א מחנה אָפּגעריסענע מאַנסביל אונ ווייבער, עס ווערט א רעש, א געפּילדער

סאַטין. צו וואסיליסא אַוועק, דו פאַרשאָלטענע סאָווע!

וואסיליסא. שווייג דו קאַטאָרזשניק! באדאי שטאַרבען זאָל איך, און איהר מוז איך צורייסען אויף שטיקער!

קוואשניא. אָפּגעהענדיק אין א זייט מיט נאטאשא שעהם דיך, קאַרפּאָוונאַ, דו ביזט דאָך געגליכען צו אַ ווילדע חיה!

מעדוועדיעוו. (כאַפּט סאַטינען) אַהאַ, כ׳האָב דיך געפּאַקט!

סאַטין. זאָב גיב קלעפּ! אָ וואַסקאַ... אָט איז וואַסקאַ!

(ביים אריינגאנג פון דער רויטער וואנט ווערט אַ גרויסער געדראנג, די ווייבער פירען אָפּ נאַטאַשאַן און זעצען איהר אַנידער אויף אַ קופּע ברעטער

פּעפּעל. (לויפט ארויס פון א זייטיגער געסעל, שוויינענד שטויסט ער אָפּ אַלעמען מיט זיינע שטאַרקע הענט) וואו איז נאַטאַשאַ? דו!..

קאַסטילאָוו. (פאַרבאַהאַלט זיך הינטערן ווינקעל) אַבראַם! כאַפּ וואַסקען! ברידער, העלפט איהם כאַפּען וואַסקען, אָט דעם גנב!...

פּעפּעל. אַך דו אַלטער הונט דערלאַנגט איהם אַ פעסטען קלאַפּ איבער׳ן קאָפּ. קאַסטילאָוו פאַלט אַנידער אין אַזאַ פּאָזע, דאָס מ׳זעהט ארויס פון ווינקעל בלויז זיין אייבערשטען האלבען קערפּער; פּעפּעל ווענדעט זיך צו נאטאשא,

וואַסיליסאַ. כאַפּט וואַסקען! שלאָגט איהם אָט דעם גנב!

מעדוועדיעוו. (שרייט אויף סאטינען) דו האָסט דאָ נישט קיין רעכט צו מישען זיך; דאָס איז אַ פאַמיליענע זאַך. זיי זיינען אייגענע, און ווער ביזטו דאָ?

פּעפּעל. זאָג נאָר נאַטאַשאַ, וואָס איז דאַ געווען, צי האַט זי דיך מיט אַ מעסער געשטאָכען?

קוואַשניאַ. דאָס איז נאָך ערגער ווי אַ ווילדע חיה! מ׳האָט איהר אָפּגעבריהט די נאַקעטע פיס מיט קאָכעדיגע וואַסער

נאַסטיאַ. מ׳האָט אומגעקערט א סאַמאָוואר!

טאַטאַרין. אפשר נישט ווילענדיג—מ׳דאַרף דערגעהען די זאך אויף ריכטיג, מ׳קען דאך נישט באשולדיגען, סתם איז דער וועלט!

נאַטאַשאַ. כמעט באוואוסטלאז וואסיאַ, נעם מיך צו דיר! שיק מיך!

וואסיליסא. גאט דער באַרעמדיקער! זעהט נאָר מענשען, דער אַלטער לעבט שוין נישט, מ׳האָט איהם ערמאָרדעט? אלע שטופּען

זיך צום איינגאנג וואו ס'ליגט קאסטילאָוו, בובנאָוו קומט צו, צו וואסקען

**בובנאוו.** רעדט שטיל הער נאר וואסקע, דער אלטער...
איז שוין א פארטיגער!

**פעפעל.** קוקט אויף איהם מיט א אומפארשטענדליכע מינע רוף עמיצען! אפשר דארף מען אין שפיטאָל נעהמען, איך וועל באצאלען...

**בובנאוו.** איך זאָג דאָך דיר, אַז עמיצער האָט דעם אלטען אוועקגעלייגט! דער טומעל אויף דער ביהנע, ווערט ביסלעכווייז איינגעשטילט, אזוי ווי מ'וואָלט באגאָסען מיט וואסער אויף א פלאקערענדען פייער ס'הערט זיך נאָך פון צייט צו צייט שטילע אויסרופען: „ס'קען נישט זיין!" „נו ב „לאָמיר אנטלויפען ברידער!" „צום טייוועל" „היידא" „מ'דארף מאכען א ויברח" „איידער פאָליציי קומט!" דער המון ווערט קלענער, בובנאוו, טאטארין, נאסטיא און קוואשניא נעהען צו נעהנטער צו דעם טרופ.

**וואסיליסא.** הויבט זיך אויף פון דר'ערד, שרייט מיט א טריומפירענדער שטימע מ'האָט מיין מאַן ערמאָרדעט! וואַסקא האָט איהם גע'הרג'עט איך האָב עס אליין געזעהען! וואָס וועסטו איצט זאָגען, וואַסיא? הא!

**פעפעל.** נעהט אפ פון נאטאשא—צו וואסיליסא אוועק פון דאנען באקוקט דעם אלטען—צו וואסיליסא נו ביסט שוין איצט צופרידען? באוועגט דעם בר מנן מיט'ן פוס געפגרט דער אלטער הונט! דו האָסט דיינס אויסגעפיהרט! ס'וואָלט כדאַי געווען צו קוועטשען דיך מיט איהם צוזאמען, (ווארפט זיך אויף וואסיליסא) סאטין און זאב האלטען איהם אפ לאזען נישט, וואסיליסא אנטלויפט הינטערען געסעל.

**סאטין.** באַדענק דיך—וואָס טהוסטו!

**קריוואָי זאָב.** שטעה! וואוהין שפרינגסטו!

**וואַסיליסאַ.** (קומט צו נעהנטער) נו וואָס,'מיין ליבער פריינד, דו וועסט שוין פון דיין גורל נישט אַנטלויפען! וואו איז פּאָליציי? העי, אַבראם, גיב אַפּייף!

**מעדוועדיעוו.** די שדים האַבען מיר צוגענומען די פייפעלן

**אַלעשקאַ.** אָט כ'האָב זי. (פייפט מיטן מויל, מעדוועדיעוו יאגט זיך נאָך איהם

**סאטין.** (פיהרט אָפּ וואסקען צו נאטאשא) זיי רוהיג מיין פריינדן

רציחות און געשלעגען איז אַ קליינינקייט, דערפאַר באַצאָהלט מען נישט טייער...

**וואַסיליסאַ.** נעהמט וואַסקען! ער האָט ערמאָרדעט! כ'האָב עס אַליין געזעהן!

**סאַטין.** נישט ריכטיג, איך האָב אויך דעם אַלטען גע-געבען דריי קלעפּ! ער האָט קיין סך נישט באַדאַרפט האָבען! שטעל מיר פאַר אַג'עדות וואַסקאַ!

**פּעפּעל.** איך דאַרף זיך נישט פאַרענטפערען, איך מוז נאָר דער וואַסיליסען אַריינשלעפּען אין קאָן, און איך וועל איהר פאַרשיטען! זי האָט עס געוואָלט, זי האָט מיך צוגערעדט, איך זאָל דער'הרג'ענען איהר מאַן!

**נאַטאַשאַ.** (לויט) אהאַ, איך פאַרשטעה שוין! אַזוי גאָר וואַסיאַ? אַך מענשען, מענשען, דאָס האָבען זיי ביידע: מיין שוועסטער מיט איהם צוזאַמען, זיי האָבען דאָס געפּלאַנעוועט! אַזוי אַזוי, וואַסקאַ! דו האָסט אומישנע נעכטען מיט מיר גערעדט, כדי זי זאָל דאָס הערען, אונזער גערייד! הערט מענשען, זי איז דאָך זיין געליבטע, דאָס ווייסען אַלע, ס'איז נישט קיין סוד נו, האָט זי דאָס איהם צוגערעדט, ער זאָל הרג'ענען איהר מאַן; ווייל ער איז איהם געשטאַנען אין וועג, און איך בין זיי אויך געוועזן אַ שטערונג, נו האָבען זיי מיך געמאַכט פאַר אַ קאַליקע...

**פּעפּעל.** נאַטאַשאַ, וואָס איז מיט דיר? באַדענק זיך וואָס דו רעדסט?!

**סאַטין.** נו, אָט האָסטו דיר... אַ פאַרפּלאָנטערניש!

**וואַסיליסאַ.** ער זאָגט ליגען און זי איז אויך אַ ליגנערין! וואַסקאַ האָט איהם אַליין געהרג'ט ,איך האָב עס אַליין געזע-העט!

**נאַטאַשאַ.** ניין, נאָר איהר ביידע, אָ פאַרשאָלטען זאָלט איהר ביידע זיין פון גאָט!

**סאַטין.** אָט איז דיר אַ שעהנער פאַרגעניגען! וואַסקאַ, האַלט זיך פעסט! זיי ווילען דיך באַגראָבען.

**קר'יוואָי זאָב.** איך פאַרשטעה דאָ גאָרנישט, וואָס טהוט זיך דאָ?

**פּעפּעל.** נאַטאַשאַ, צו דען מיינסטו דאָס מיט אַנ'אמת, דו גלויבסט טאַקי אַז איך האָב מיט איהר צוזאַמען ?...

**וואסיליסא.** (אין געסעל) מען האָט גע'הרג'עט מיין מאַן! הער קאָמיסאַר, וואסקא, פּעפּעל, ער איז אַ באַוואוסטער גנב, ער האָט איהם ערמאָרדעט, כ'האָב עס געזעהן!

**נאטאשא.** (צאַפּעלט זיך און שרייט כמעט ווי אַ באַוואוסטלאָזע) מענשען, גוואַלד מענשען! מיין שוועסטער מיט וואַסקען, האָבען גע'הרג'עט דעם אַלטען! פּאָליציע, מענשען, העויט... זי האָט איהם אָנגערעדט, איהר געליבטען! האַ — האַ — האַ אָט ער דער פאַרשאָלטענער! זיי האָבען איהם ערמאָרדעט! נעהמט זיי! משפט זיי!... נעהמט מיך אויך אין טורמע! אום גאָטעס ווילען! פיהרט מיך אויך אין טורמע!

פאָרהאַנג.

---

# פיערטער אַקט.

די ביהנע שטעלט פאָר ווי אין ערשטען אקט, נאר פּעפּעלס צימער איז נישטאָ, די שיידעוואַנטעל איז צובראָכען און אויף דעם ארט וואו ס'איז געזעסען קלעשטש תעהלט די קאָוואדלע, אין ווינקעל וואו סאיז געווען פּעפּעלס צימער ליגט טאטאר'ין אויף א נארע און זיפצט פון צייט צו צייט, ביים טיש זיצט קלעשטש און פאַריכט אַ הארמאניע פּרובירט אויס די טענער, ביים צווייטען זייט טיש זיצען: סאטין, באראן און נאסטיא, נעבען זיי שטעהט א פלאש בראָנפען, דריי פלעשלעך ביער, און אַ גרויס שטיק שווארץ ברויט, אויפן אויווען ליגט אקטיאר, עוסק'ט זיך אין עפּעס און הוסט, נאכט. די ביהנע באַלייכט א לאמפּ, וועלכע שטעהט אין מיטען אויפן טיש. אויפן גאס איז א ווינט.

---

קלעשטש. ווער ווייס איהם, וואו ער איז אַהינגעקו-מען אין מיטען געטומעל!

באראן. פֿאַרשוואונדען געוואָרען פון דער פּאָליציי ווי א רויך פאר'ן פייער...

סאטין. אָט אזוי פאַרשווינדען רשעים פאר די אויגען פון צדיקים.

נאסטיא. אַ טייערער מענש געווען, דער אַלטיטשקער און איהר זייט גאָר קיין מענשען נישט איהר זייט בלויז זשאַ-ווער!

באראן. טרינקט לחיים—לעכ'!

סאטין. אַ טשיקאַווער מענש געווען דער אַלטינקער נאסטיא האָט זיך אין איהם פאַרליבט אָן כתבות.

נאסטיא. יאָ, איך האָב זיך פאַרליבט און געליבט! ס'איז טאַקי אמת! וואָרום ער האָט אַלץ געזעהען און אַלץ פאַרשטאַנען...

סאטין, לאכענדיק בכלל איז ער געווען פאַר פיל פון אונז ווי אַ ווייכינקע שטיקעל ברויט, לייכט צום צו-קייען...

באראן. לאכענד ווי אַ פלאַסטער צו אַ געשוויר!

קלעשטש. ער איז געווען: אַ בעל רחמנות, און ביי אייך איז נישטאָ דער געפיהל פון רחמנות...

סאטין. וואָס פאַראַ נוצען וועסטו האָבען ווען איכ'ל רחמנות האָבען אויף דיר?

קלעשטש. קיין רחמנות קענסטו טאַקי נישט האָבען, אָבער לכל הפחות קענסטו זיך אָפּהאַלטען מיך נישט צו קריוו-דען...

טאטארין. זעצט זיך אויף דער נארע, שאקעלט זיין קראנקע האנד ווי א קינד

דער אַלטער איז געווען אַ גוט האַרציקער מענש; ווייל אין זיין נשמה איז געלעגען דער „זאַקאָן„; ווער ס'האָט „זאַקאָן" אין זיין נשמה, דער איז אַ גוטער מענש און יוער ס'האָט פאַר-לאָזען דעם „זאַקאָן" דער איז אינגאַנצען פאַרלוירען!

**באראן.** וואָס פאַר אַ זאַקאָן ? וואָס פלוידערסטו פירשט ?

**טאטאַרין.** „זאקאנעס" זענען דא פארשידענע זעהסטו ? !

**באראן.** וואָס ווייטער ?

**טאטארין,** טהו נישט קיין עולה ! דאָס הייסט אַ „זאַ-קאַן".

**סאטין.** ביי אונז רופט מען דאָס „קאָדעקס" אדער גע-זעץ-בוך מיט תקנות.

**באראן.** אדער א אוסטאַוו" וועגען שטראָף.

**טאטארין,** ביי אונז הייסט עס „קאָראַן"... אייער קאראן איז אויך אַ זאַקאָן... די נשמה דאַרף זיין ווי דער קאראן את אזוי פאַרשטעהסטו מיר !

**קלעשטש.** פרובירט די טענער פון דער האַרמאָניע וואָס קווי-טשעט ער דער שווינדלער ! דער פירשט איז גערעכט ! מיר דאַרפען לעבען ווי גאָט האָט געבאָטען, ווי דער עוואַנגעליום לערענט...

**סאטין.** טאָ לעב זיך אַזוי... ווער לאָזט דיר נישט ?

**באראָן.** פרוביר...

**טאַטארין.** דער מאַהמעד האָט געגעבען אַ קאראן און האט געזאגט; דאָס איז א זאקאן ! טהו ווי דאָ שטעהט געשרי-בען ! נאָכדעם וועט קומען א צייט, וואָס דער קאראן וועט זיין צו וועניג, דאַן וועט קומען אנ'אנדער זאַקאָן, ס'וועט שוין אַליין קומען, וואָרום יעדע צייט גיט אַרויס איהר צוגעפאַסטען זאַקאָן...

**סאטין.** אזוי, אזוי ברודער... עס איז געקומען אַ צייט וואָס מען האָט אונז געגעבען א קאדעקס פון געזעצען און שטראָף! אוי דאָס איז אַ דויערהאַפטיגער זאַקאָן, נישט אַזוי גיך וועט ער פון אונז פאַרשווינדען !

**נאַסטיאַ.** (גיט א קלאפּ מיט א גלאָז אויפ'ן טיש) און איך פרעג: צו וואָס זיץ איך דאָ מיט אייך ? אַנטלויפען, אַוועקלויפען פון אייך אין עק וועלט.

**באראן.** אָהן שיכלעך, שעהנע לעדי ?

**נאַסטיאַ.** נאַקעט און באָרוועס, אין איין העמד, אויף אַלע פיער וועל איך קריכען!...

**באַראָן.** ס'וואָלט געווען. אַ שעהנע סצענע צו קוקען ווי אַ מיידעל קריכט אויף אַלע פיער!

**נאַסטיאַ.** אָט וועל איך טאַקי קריכען אויף אַלע פיער, אבי נישט אַנקוקען דיין מיאוסן פּרצוף; אך ס'איז מיר שוין נמאס געוואָרען דאָס לעבען מיט די מענשען?

**סאַטין.** בשעת דו וועסט אַוועק פון דאַנען, זאָלסטו נישט פאַרגעסען מיט נעמען מיט זיך אַקטאָר'ן; וואָרים ער קלויבט זיך אויך אין וועג אַריין, ער האָט זיך טאַקי דערוואוסט, דאָס אַ האַלב וויאָרסט פאַרן עק וועלט איז פאַראַן אַ שפּיטאָל פאַר אָרגאַנען.

**אַקטיאָר.** (קוקט ארויס פון אונטערן אויווען) פאַר אָרגאַניזמען טפש איינער!

**סאַטין.** פאַר די אָרגאַנאַנען, וועלכע זענען פאַר'סמ'ט פון אַלקאָהאָל.

**אַקטיאָר.** יאָ, ער וועט אַוועקגעהן, איהר וועט שוין זעהן.

**באַראָן.** ווער איז דער „ער" סעניאָר?

**אַקטיאָר.** דאָס בין איך.

**באַראָן.** דמערסי, באַדינער פון דער געטין... ווי הייסט זי דאָרט...? די געטין פון דראַמאַט, פון טראַגעדיע... ווי רופט מען איהר?

**אַקטיאָר.** מוזע–באָלוואַן דו! – נישט געטין, נאָר מוזע.

**סאַטין.** לעכעזאַ? הערא? אַפראָדיטאַ..? אַטראָפּאַ? דער שוואַרץ יאָהר ווייסט זיי דאָרט, איהר ווייסט? דאָס האָט אַלץ דער אַלטער אָנגעשרויפּט דעם אָרימען אַקטיאָר, פאַרשטעהסט באַראָן?

**באַראָן.** אָ דער אַלטער שקרן האָט איהם אָנגעדראַלט אַ מוח.

**אַקטיאָר.** אָ איהר פינסטערע מענשען! ווילד זייט איהר, מעלפּאָ–מענאָ!... מענשען, אָהן אַ האַרץ, אָהן געוויסען. איהר וועט שוין זעהען, אַז ער וועט אַוועקגעהן, פרעסט זיך אויף, איהר פינסטערע הערצער.. דאָס ליד פון בעראַנזשער, ער וועט שוין געפינען זיין אָרט וואו ס'איז גאָר נישטאָ...

**באַראָן.** וואו ס'איז גאָר נישטאָ?...

אַקטיאָר. יאָ... גאָר נישטאָ! די גרוב ווערט זיין מיין קבר, איך שטאַרב אָפּ, אַ קראַנקער, אַ צובראָכענער! און צו וואָס לעבט איהר? צו וואָס?

באַראָן. הער דו געני, צולאָזענער, וואָס שרייסטו אַזוי?

אַקטיאָר. דיר אויף צו להכעיס וועל איך שרייען!

נאַסטיא. (הויבט אויף איהר קאָפּ פון טיש און ציהט אויס די הענט)

שריי, שריי, אַקטיאָר, זאָלען זיי טאַקי הערען!

באַראָן. וואָס איז דער שכל דערפון, לעדי?

סאַטין. לאָז זיי אָפּ באַראָן! זאָלען זיי שרייען! לאָז, זאָלען זיי זיך שלאָגען קאָפּ אָן וואַנט. ס'איז עפּעס דאָ אַ שכל דאבֵיי?... אָט, שטער נישט אַ מענשען—ווי דער אַלטער האָט געזאָגט — נו, נו אָט די אַלטע הויזוען האָט דאָ פאַרזייערט אַלע אונזערע לאָקאַטאָרען.

קלעשטש. ער האָט אונז צוגעזאָגט גליקען, וועלכע געפינען זיך הינטער די הרי חושך און האָט נישט אָנגעוויזען דעם וועג אַהין...

באַראָן. עה, דאָס איז אַן אַלטער שאַרלאַטאַן.

נאַסטיא. ס'איז אַ ליגען, איהר זייט אַליין שאַרלאַטאַנעס.

באַראָן. האַלט ס'מויל לעדי!

קלעשטש, דעם אמת האָט דער אַלטער קיינמאָל נישט געליבט, ער איז געווען אַ שטאַרקער געגנער פונם אמת, און אפשר האָט ער רעכט געהאַט! וואָרים צו וואָס טויג אונז דער אמת? צי קען מען דען נישט אָפּ עטהעמען אָהן דעם אמת? אָט, למשל, קוקט זיך צו, דער פירשט האָט צובראָכען אַ האַנט ביי דער אַרבייט, איצט דאַרף מען די האַנט אָפּשניידען, נו אָט האָט איהר אַן'אמת.

סאַטין. (גיט א קלאפּ מיטן פויסט אויפן טיש) שאַט, שטיל! איהר זייט אַלע בהמות, דובינעס! דרך ארץ פאַרן אַלטען; דו באַראָן, ביסט ערגער פון אַלעמען! דו פאַרשטעהסט גאָרנישט, קאָנסט נור זאָגען ליגען! דער אַלטער איז נישט געווען קיין שאַרלאַטאַן, וואָס איז אַזוינס — אמת? — אַ מענש — אין אַ מענשען ליגט פאַרבאַהאַלטען דער אמת, ער האָט עס פאַרשטאַנען, איהר— נישט! איהר זייט טעמפּ ווי דער ציגעל! איך האָב פאַרשטאַנען

דעם אַלטען, ער האָט טאַקי געזאָגט ליגען, נאָר דאָס איז געווען צוליב דעם, וואָס ער האָט געהאַט רחמנות אויף אייך — זאָל אייך דער שוואַרץ יאָהר צונעהמען—עס זענען פאַראַן פיל מענשען וואָס זאָגען ליגען; ווייל זייערע הערצער זענען פול מיט רחמנות צו אַנדערע. איך ווייס דאָס, כ'האָב דאָס נישט איינמאָהל געלע· זען — די שעהנע בעגייסטערונג, באַוועגט זיי צו זאָגען ליגען, אַזעלכע ליגענס טרייסטען און ווירקען ווי אַ באַלזאַם אויף פאַר· וואונדעטע ליידענדע הערצער, ס'איז פאַראַן אַנ'אַנדער סאָרט ליגען, וועלכער פאַרטיידיגט דעם האַמער וואָס, צושמעטערט די האַנט פון אַרבייטער, און באַשולדיגט דעם עלענדען, וואָס געהט אויס פון הונגער. אָ, איך ווייס פון פאַרשידענע ליגענס, מענשען פון שוואַכע כאַראַקטערען, אָדער די וועלכע לעבען פון פרעמדע בלוט און שווייס, אַזעלכע נויטיגען זיך אין דעם ליגען, אייניגע שטיצט עס אין לעבענס קאַמפף, און אַנדערע פאַרדעקען זיך דערמיט ווי מיט אַמאַנטעל, אָבער דער וואָס איז נישט אָפּהענגיק, דער וואָס וויל נישט לעבען פון פרעמדער מיה, צו וואָס טויג איהם ליגענס? דער ליגען איז די רעליגיע פון שקלאַפען און פריצים דער אמת איז דער גאָט פון פרייען מענשען.

**באַראָן.** בראַוואָ! אויסגעצייכענט גערעדט! איך בין מיט דיר מסכים! דו רעדסט ווי אַנ'אַרענטליכער מענש!

**סאַטין.** פאַר וואָס זאָל אַ שולער אויך אַמאָל נישט רעדען אַנשטענדיג, ווען אָרענטליכע מענשען רעדען אָפט ווי שולערס? יאָ, איך האָב שוין פיל פאַרגעסען, נאָר עפּעס ס'איז געדענק איך נאָך, דער אַלטער, אָ ער איז געווען אַ חכם! ער האָט אויף מיר געווירקט ווי אַ שטאַרקע זייערקייט אויף אַנ'אַלטע פאַרזשאַ· ווערטע מטבע, נו לאָמיר טרינקען פאַר זיין געזונד! גיס אָן!

(נאַסטיאַ גיסט אָן אַ גלאָז ביער און דערלאַנגט סאַטינען)

**סאַטין.** (שמייכעלט) דער אַלטער לעבט זיך מיט זיין איי· גענער אמונה, ער קוקט אויף אַלעס מיט זיינע אייגענע אויגען· איך פרעג איהם אַמאָל: זאָג מיר זיידעלע! צו וואָס לעבען מענ· שען אויף דער וועלט? (סטאַרעט זיך נאָכמאַכען לוקאס שטימע און זיין ארט רעדען) מיין טייערער—זאָגט ער— עס לעבען מענשען אויף דער וועלט, נאָר כדי אויסצובעסערען די וועלט—אָט למשל, לאָמיר

אָננעהמען: ס'לעבען אַ גאַנצע מחנה סטאָלאַרעס, אַלסדינג וואָס זיי אַרבייטען אויס טויג דאָס אויף כפרות, ס'איז קרום און לאָם, טרעפט זיך אָבער צווישען זיי איין סטאָלאַר, וועלכער גיט אַרויס אַ שטיקעל אַרבייט, איז עס; אַ ברכה צו מאַכען, די וועלט האָט גאָך אַזאַ יופי נישט געזעהען, עס איז צו איהם נאָר קיין גלייכען נישטאָ צווישען אַלע סטאָלאַרעס. אָט אַזאַ מין סטאָלאַר האָט אַ שטופּ געטהון זיין פאַך פאָראויס אויף עטליכע צעהני-דליג יאָהר, דאָס אייגענע איז אויך: מיט שלאָסאַרעס, שוסטער און נאָך אַנדערע בעלי מלאכות און פויערען, אַפילו די פריצים לעבען אויך צום פאַרבעסערען; איטליכער מיינט ביי זיך, אַז ער לעבט נאָר פאַר זיין אייגענעם נוצען,—ס'איז אָבער אַ טעות יעדער פון אונז לעבט — נישט וויסענדיג — פאַר'ן טובת הכלל ס'לעבען און שטאַרבען גאַנצע דורות, נאָר צוליב דעם, ס'זאָל אַרויסקומען אַ בעסערער מענש אויף דער וועלט, גאַסטיאַ קוקט מיט עקשנות אין סאַטינס אויגען, קלעשטש הערט אויף צו מייסטרעווען די האַרמאָניע און הערט זיך צו מיט גרויס כונה, באַראָן האַלט אַראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ אויפן טיש און קלאַפּט שטיל מיט פינגער אויפ'ן טיש, אקטיאָר רוקט זיך אַרויס פון אונטערן אויוהען און פרופט פאַמעלעך צוגעהען צו דער באַרט

**סאַטין.** מיר אַלע — מיין ליבענקער — זאָגט ער, לע-בען נאָר צום בעסערען, דאַריבער דאַרף מען יעדען מענשען אַכטען; אַפילו ווען דער מענש איז אַ זינדיקער, ווייל מיר קענען נישט וויסען וואָס פאַר אַ נשמה עס ליגט אין דעם מענ-שען, אפשר ער, אָדער זיין זוהן, אָדער זיין אייניקעל, וועלען אונז באַגליקען אין נוצען בריינגען פאַר דער וועלט. באַזונדער דאַרף מען ליבען קליינע קינדער און גוט אַכטונג געבען אויף זיי. קליינע קינדערלאַך, ווילען שפּילען אויף דער פרייער ערד, דאַרף מען זיי נישט שטערען, פויזע

**באַראָן.** פאַרטראַכט יאָ, מיר לעבען פאַר עפּעס בעסערס! איך דערמאַן מיך איצט די געשיכטע פון אונזער פאַמיליע, אַנ'אַלטע באַוואוסטע פאַמיליע, נאָך פון יעקאַטערינעס צייטען, אַריסטערישע פאַמיליע געווען, געקומען אַהער פון פראַנקרייך, זיי האָבען דאָ פאַרנומען הויכע שטעלעס, געשטיגען אַלץ העכער, מיין זיידע; גוסטאַוו דעבולע האָט פאַרנומען אַ הויכען פאַסטען

ביי ניקאָליי דעם צווייטען, האָט פאַרמאָגט הונדערטער אייגענע לייב קנעכט, מיט פערד און קוכאַרעס...

**נאַסטיא,** ס'איז אַ ליגען, אַזעלכע איז גאָר נישט געווען!

**באַראָן.** (שפרינגט אויף) וואָס? נו ווייטער?

**נאַסטיא.** איך זאָג, אַז עס איז גאָר נישט געווען!

**באַראָן.** אויפגערעגט שרייט אנ'אייגענע הויז אין מאָסקווע! אַ הויז אין פעטערבורג! קאַרעטען... קאַרעטען מיט הערבען!

**קלעשטש.** (נעהמט די הארמאָניע, שטעהט אויף און געהט אפּ אָן א זייט קוקענדיג אויף דער ביהנע)

**נאַסטיא.** ס'איז גאָרנישט געווען!

**באַראָן.** שווייג, זאָג איך דיר!... עס זיינען געווען צעהנדליגע לאַקייען.

**נאַסטיא.** אָנקוועלענדיג גאָר נישט געווען!

**באַראָן.** שווייג! וואָרום איך וועל דיך דערווערגען! צוּ אַלדי שוואַרץ יאָהר!

**נאַסטיא.** גרייט זיך צו אנטלויפען נישט געווען קיינע קאַרעטען!

**סאַטין.** הער אויף, נאַסטענקאַ! וואָס טויג דיר איהם צו רייצען?

**באַראָן.** וואַרט, דו פּאַסקודניצע, כ'וועל דיר שוין געבען! מיין זיידע..

**נאַסטיא.** ס'איז קיין זיידע אויך נישט געווען! גאָר גישט געוועזען?

**סאַטין.** (לאַכט אויפ'ן קול)

**באַראָן.** (ערמידעט פון כעס און אויפרעגונג — זעצט זיך אויפן באַנק) סאַטין, זאָג דו איהר, אָט דער פלאָנדרע!... וואָס, דו לאַכסט אויך און דו גלויבסט מיר אויך נישט? (שרייט קלאַפּענדיג מיט'ן פויסט אויפ'ן טיש אין פארצווייפלונג) געווען! גוואַלד, געווען!... זאָל אייך אַלעמען דער שוואַרץ יאָהר צונעהמען!

**נאַסטיא.** (מיט טריומפף) אָהאַ! איצט ליאַרמסטו, אָבער דו זעהסט שוין חאָטש, ווי עס איז אַנגענעהם אַ מענשען, אַז מען וויל

איהם נישט גלויבען ?!

**קלעשטש.** (געהט צוריק צום טיש) איך האָב געמיינט, אַז ס'וועט זיין אַ סקאַנדאַל...

**טאטארין.** אוי, נארישע מענשען! זעהר שלעכט!

**באראן.** איך קאָן דאָך אָבער נישט ערלויבען, דאָס אַבי ווער זאָל חוזק מאַכען פון מיר! איך האָב דאָך ביי מיר דאָקו-מענטען, פאַמיליענע פּאַפּירען, צום טייוועל!

**סאטין.** עט ווארף דאָס אַרויס פון זינען! פאַרגעס אן דעם זיידענס קאַרעטען! אין אַזאַ קאַרעטע וועסטו אין ערגעץ נישט קענען פאָהרען!

**באראן.** אָבער מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָט זי ?...

**נאסטיא.** אַי, אַי זאָגט איהם אדרבא, מיט וואָס פאַר אַ רעכט!

**סאטין.** זעהסט דאָך, דאָס זי האָט יאָ רעכט: ווארים מיט וואָס איז זי ערגער פון דיר? חאָטש זי האָט נישט געהאַט קיין זיידעס מיט קאַרעטען און אפשר האָט זי קיין טאַטען מיט קיין מאַמען אויך נישט געהאַט?

**באַראן.** (בארוהיגט זיך) דער טייוועל וויים דיר, דו קאָנסט פילאָזאָפירען קאַלטבלוטיג און איך האָב נישט אַזאַ חאַראַקטער!

**סאטין.** טאָ געוועהן זיך, צו זיין געלאַסען; ס'איז זעהר נויטיג אין לעבען פּויזע נאַסטיע, צו דו געהסט היינט אין שפּיטאָל?

**נאסטיאַ.** צו וואָס?

**סאטין.** צו נאַטאַשאַ.

**נאסטיא.** נו ער האָט זיך יעצט דערמאָנט! זי איז שוין לאַנג אַרויס פון שפּיטאָל און קיינער ווייסט נישט וואו זי איז אהינגעקומען.

**סאטין.** נו — הייסט עס, זי איז — ערגעץ פאַרפאַלען געוואָרען!

**קלעשטש.** ס'איז אינטערעסאַנט צו וויסען, ווער וועמען ס'וועט טיפער באַגראָבען צו וואַסקאַ וואַסיליסען, אָדער זי איהם?

**נאסטיאַ.** וואַסיליסאַ וועט זיך אויסדרעהען; ווארים זי

איז אַ כיטרע נקבה און וואַסקען וועט מען אַוועקשיקען אויף קאַטאָרגע.

סאטין. פאַר אַ מאָרד אין אַ געשלעג קומט בלויז אייביקע טורמע... ׳

נאסטיא. אַ שאָד; גלייכער וואָלט זיין מען זאָל איהם אַוועקשיקען אויף קאטאָרגע, און נאָך בעסער וואָלט זיין מען זאָל אייך אַלעמען אַהין אַוועקשיקען, אויסרוימען אייך אַזוי ווי מיסט אויף שטענדיג!

סאטין. פארוואונדערט וואָס איז מיט דיר? צו ביזטו משוגע געוואָרען?

באראן. אָט, וועט זי באַלד קריגען פון מיר אַ פּאַטש אין פּיסק פאַר אַזאַ חוצפה?

נאסטיא. נו, פּרוביר נאָר!

באראן. איך וועל טאַקי פּרובירען!

סאטין. לאָז איהר צורוה! טשעפּע איהר נישט! באַליידיג נישט קיין מענשען! מיר געהט נישט אַרויס פון זינען אָט דער אַלטער לוקאַ לאכט באַליידיקט נישט קיינעם! — פלעגט ער טענה׳ען — און אַז מען האָט מיר אמאָל אַזוי פיל געקריוודעט. דאָס איך וועל עס האָבען צו געדענקען מיין גאַנצען לעבען, איז וואָס דאַרף איך טהון? מוחל זיין? גאָר נישט, קיינעם נישט...

באראן. (צו נאסטיען) דו דאַרפסט וויסען, דאָס איך בין נישט דיין גלייכען! דו ביזט אַנאויסוואורף!

נאסטיא. אָ דו אומגליקליכער! דו פאַרגעסט, אַז דו פרעסט פון מיין מיה ווי אַ וואָרים אַנ׳עפּעל! (אלע מענער לאכען זיך פאנאנדער)

קלעשטש. אַך אַ גן עדן עפּעלע!

באראן. מ׳קען אפילו אויף איהר קיין פאַראיבעל נישט האָבען; דאָס איז דאָך אַ אידיאָטקע!

נאַסטיאַ. איהר לאַכט, עס איז אַז אָך און וועה צו אייער געלעכטער

אקטיאָר. (אומעטיג) גוט אַזוי, נאסטיאַ! גיב זיי די גאָב!

נאַסטיאַ. אָ, ווען איך וואָלט קענען!.. וואָלט איך אייך... (כאפט א טעלער פון טיש, גיט א קנאק אן דער ערד) אָט אַזוי!

**טאַטאַרין.** פאַר וואָס האָט זי צוּבראָכען אַ כּלי? עך דוּ גוֹלם!

**באַראָן.** (שטעלט זיך אויף) ניין, איך וועל איהר נישט שווייגען; איך מוּז איהר אויסלערנען דרך ארץ.

**נאַסטיאַ.** אנטלויפט) זאָל אייך אַלעמען צונעהמען דער טייוועל.

**סאַטין.** לויפט איהר נאָך) עי, גענוּג! וועמען סטראַשעסטוּ? אום וואָס געהט עס דיר? לאָמיך הערען!

**נאַסטיאַ.** אַ—איהר בייזע וועלף, הלואי זאָלט איהר פּגר׳ן.

**אַקטיאָר.** (אומעטיג) אָמן.

**טאַטאַרין.** אַי איז דאָס אַ שלעכטע נקבה, אונזערע אַ טאַטאַרקע פיהרט זיך נישט אַזוי, אַ טאַטאַרקע ווייס דעם זאַקאָן...

**קלעשטש.** אַ מ׳האָט איהר באַדאַרפט אַביסעל דורכקלאַפּען.

**באַראָן.** אַ ליידאַטשקע...

**קלעשטש.** (פּרובירענדיג די הארמאָניע) נוּ שוין. פאַרטיג, און דער אייגענטימער קומט נאָך אַלץ נישט אָפּנעהמען, ער האָט זיך ערגעץ פאַנאַנדערגעהוּליעט! דער יונגאַטש.

**סאַטין.** נוּ טאָ מאַך אַ שנאַפּס.

**קלעשטש.** אַ דאַנק עס איז שוין אויך צייט צוּ געהען שלאָפען...

**סאַטין.** דוּ וועסט זיך שוין ביסלעכווייז צוגעוואוינען צוּ אינז.

**קלעשטש.** טרינקט, נאָכדעם געהט אָפּ אין ווינקעל צוּ דער נארע נוּ, נשקשה, אומעטום זענען דאָ מענשען... פון אָנהויב איז מיר געווען אַ ביסעל אומעטיג, נאָכדעם האָב איך איינגעזעהען, אַז דאָ איז אויך נישקשה׳דיגע מענשען.

**טאַטארין** שפּרייט אויס אַ פּאַטשיילע אויף דער נארע, פאַלט אויף די קניע און שעפּטשעט

**באַראָן.** (ווייזט סאַטינען) זעה נאָר ווי פרום!

**סאַטין.** שטער איהם נישט; ער איז אַנ׳אָרענטליכער יונג, אַטש אַ טאָטער (לאכט) היינט בין איך עפּעס גוּט געשטימט, ווייס אַליין נישט פאַר וואָס.

**באַראָן.** ווען דוּ מאַכסט עטליכע שנאַפּסען, ביזטוּ דאַן גוּט און ביים קלאָרען שכל.

סאטין. ווען איך בין שכור, בין איך פון אלצדינג צופרידען, אלס געפעלט מיר, איך קוק זיך צו ווי דער טאַטער דאַוועננט, גוט, זאָל ער זיך זיין פרום, אַ מענש, קען זיך זיין אַ גלויביגער אָדער נישט גלויביגער, דאָס איז זיין זאַך, יעדער מענש האָט זיין פרייען ווילען, ער באַצאָהלט אַליין פאַר אַלעס פאַר זיין גלויבען... פאַר זיין ליבע און פאַר זיין שכל — פאַר! אַלצדינג צאָהלט ער אַליין! דערפאַר איז ער דאָך פריי אומאָפּ־הענגיק! דער אמת—איז „אַ מענש"! וואָרום וואָס הייסט אַ מענש? נישט דו נישט איך, נישט ער, אָבער! אי דו, אי איך, אי־זיי, דער אַלטער נאַפּאָלעאָן, מאַחמעד, אַלע צוזאַמען! ער צייכענט מיט'ן פינגער אין דער לופט, די פיגור פון א מענשען פאַרשטעהסט! דאָס איז אַ ריז! אין דעם איז פאַרהאַן דער אָנהויב און דער סוף! אלס איז אין דעם מענשען און אַלץ איז פאר דעם מענשען. עס עקזיסטירט בלויז מענש—דאָס איבעריגע—איז די ווערק פון זיינע הענט און זיין מוח. מ ע נ ש! אַך ווי פראַכטפול, ווי שטאָלץ עס קלינגט; מ ע נ ש! מ'דאַרף זעהר שעצען אַ מענשען! קיין רחמנות דאַרף מען נישט האָבען איף איהם; וואָרום רחמנות דערנידעריגט אַ מענשען, נאָר אַכטען דאַרף מען איהם! לאָמיר טרינקען אַ כוס פאַר דער מענשהייט באַראָן! שטעהט אויף ס'איז גוט ווען מען פיהלט זיך אַלס מענש! איך—בין אַן'אַרעסטאַנט, א אַ רוצח, אַ שולער—יאָ ס'איז אמת! בשעת איך געה אין גאַס, קוקען מענשען אויף מיר ווי אויף אַ פאַרברעכער, טרעטען אָפּ פון מיר, באַטראַכטען מיך פאָרזיכטיג, אַנדערע שרייען אויף מיר; ליידאַק! שאַרלאַטאַן! אַרבייטען געה! און צו וואָס זאָל איך אַרבייטען? כדי נישט צו הונגערען? לאַכט איך האָב תמיד פאַראַכטעט די מענשען, וועלכע זאָרגען בלויז פאַר'ן מאָגען! נישט וועגען דעם אַרט מיר באַראָן! דער מענש האָט עפּעס וויכטיגערעס צו קלערען ווי וועגען זעטיגען דעם מאָגען!

באַראָן, שאקעלט מיט'ן קאָפּ דו פיליזאָפירסט, ברודער—לע־בען, דאָס איז זעהר גוט... ווי עס שיינט גיט עס דיר צו מוטה, איך קאָן דאָס אָבער נישט. קוקט זיך ארום, רעדט שטיל, פאַרזיכטיג, איך האָב עפּעס מורא ברודערקע, צייטענווייז, פארשטעהסט, געטה מיר דורך א שוידער איבער'ן לייב, כ'ווייס נישט וואס וועט

זיין מיט מיר ווייטער?

**סאַטין.** געהט צו צו איהם עט נאַרישקייט! פאַר וואָס האָסטו מורא?

**באַראָן.** דו ווייסט וואָס איכ'ל דיר זאָגען: בשעת איך הויב מיך אָן דערמאָהנען וואָס מיט מיר איז פאָרגעקומען ווערט ביי מיר אין מוח עפּעס אַ גאַנצער פּלאָנטער. איך האָב קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען גענוי, וואָס מיט מיר איז געווען. איך פיהל מיר שטענדיג ווי אַ צוטומעלטער... מיר דאַכט זיך, דאָס מיין גאַנצען לעבען האָב איך מיר שטענדיג איבערגעקליידעט אין פאַרשידענע אַנצוגען. צוליב וואָס? — פאַרשטעה איך נישט... ווען איך בין געווען אַ שילער, האָב איך געטראָגען אַ אוניפארעם פון פּריצישען אינסטיטוט, און וואָס האָב איך זיך דאָרט אויסגעלערנט? געדענק איך נישט! נאָכדעם, החתונה געהאַט, און אָנגעטהון אַ פראַק, נאָכדעם אַ שלאָפראָק, געהאַט האָב איך אַ ווייב, זעהר אַ שלעכטע... פאַרוואָס? פאַרשטעה איך נישט! כ'האָב פאַרלאָרען מיין גאַנצען פאַרמעגען און האָב זיך אָנגעטהון אין אַ גרויע מאַרינאַרקע מיט רויטליכע הויזען, ווי אַזוי איך בין געוואָרען רואינירט, האָב איך אַליין נישט באַמערקט, דאַן בין איך געווען אַ בעאַמטער אין אַ רעגירונגס באַנק און געטראָגען אַ מונדיר און אַ היטעל מיט אַ קאָקאַרדע, פאַרשווענדעט אַ סך געלד פון רעגירונגס קאַסע, דאַן האָט מען מיך אָנגעטהון אַנ'אַרעסטאַנטסקען פּלאַשטש, און איצט געה איך אָנגעטהון אין די שמאַטעס, אָט אַזוי זיינען פאַרגאַנגען מיינע יאָהרען ווי אַ חלום, איז דען דאָס נישט לעכערליך?

**סאַטין.** נישט אַזוי לעכערליך ווי נאַריש!

**באַראָן.** כ'בין דערמיט אויך מסכים, נאָר זאָג מיר; צו וואָס בין איך גאָר געבוירען־געוואָרען?

**סאַטין.** (שמייכעלט) אָט לאָמיר זאָגען ווי דער אַלטער האָט געזאָגט; אַז אַמענש ווערט געבוירען צו עפּעס בעסערס! (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) יאָ, אַזוי איז דאָס טאַקי.

**באַראָן.** אָבער, וואוהין איז נאַסטיאַ אַנטלאָפען? מ'דאַרף געהען איהר אויפזוכען. ווארום סוף כל סוף איז זי... (געהט אפּ, פּויזע

**אַקטיאָר.** טאַטאַרין! (פּויזע) פּירשט! (טאַטאַרין דרעהט אום

דעם קאָפּ מיט א מינע פון א פראגע)

**אַקטיאָר.** זיי מתפלל פאַר מיר!

**טאַטארין.** וואָס ווילסטו?

**אַקטיאָר.** (שטיל) בעט גאָט פאַר מיר!

**טאַטארין.** (שווייגט א ווײַלע) בעט אַליין צו גאָט!

**אַקטיאָר.** (קריכט געשווינד אראָפּ פון אויווען, געהט צו צום טיש, גיסט אָן מיט א ציטערדיגע האַנד אַ גלעזעל בראָנפען, טרינקט אויס, און לויפט אין פאָרהויז) איך אַנטלויף!

**סאַטין.** הער, דו קראָקאָדיל, וואוהין? (ער פייפט, ס'קומען אריין: מעדוועדיעוו, אָנגעטהון אין א ווייבערשע, וואטענע קורטקע, נאָך איהם בובנאָוו, ביידע אָביסעל שכור, בובנאָוו האַלט אין איין האַנט א קרענצעל בייגעל, און אין דער צווייטער האַנט עטליכע הערינג, אונטערען אָרעם, איין פלאַש בראָנפען און אין קעשענע א צווייטע פלאַש.

**מעדוועדיעוו.** אַ קעמיל — דאָס איז אזא מין אייזעל, נאָר אהן אויערען..

**בובנאָוו.** הער שוין אויף! דו ביסט אליין א מין אייזעל!

**מעדוועדיעוו.** און איך זאָג דיר, אַז אַ קעמיל האָט גאָרנישט קיין אויערען. ער הערט מיט זיינע נאָזלעכער.

**בובנאָוו.** צו סאטין אָך, ברודערקע איך האָב דיך גע-זוכט אין אלע שענקען נעהם נאָר ארויס איין פלאַש פון אונ-טערען אָרעם, ביי מיר זענען ביידע הענט פארנומען!

**סאטין.** לייג אוועק די בייגעל אויפ'ן טיש, וועסטו האָבען איין פרייע האנט!

**בובנאָוו.** ענטציקט אָ זעה נאָר, טאקי אנ'אמת! אך דו ביסט דאָך א חכם סאטין!

**מעדוועדיעוו.** אָ, אַלע זשוליקעס האָבען קלוגע קעפּ! איך קען מיר שוין אויף זיי! וואָרום, אז זיי וואלטען גישט געהאַט קיין שכל, וואלטען זיי גאָר נישט געמאכט, דער אָרענ-טליכער מענטש, חאטש ער איז א נאר, וועט ער שטענדיג בלייבען אָרענטליך, אָבער א גנב מוז זיין א קלוגער, נאָר וואָס ס'איז שייך צו אַ קעמיל ווייסטו גאָרנישט וואָס דו רעדסט! דאָס איז בלויז אַ חיה וואָס מ'קען רייטען אויף איהר, אָבער

עס האָט נישט קיין הערנער און קיין איין צאָהן אין מויל!

**בובנאָוו.** וואו זיינען דאָס אהינגעקומען אונזער גאַנצע חברה? מ׳זעהט דאָ גאָר קיין מענשען נישט, העי! קריך אַרויס! איך פונדעווע. ווער איז דאָרט איןווינקעל? קום אַהער!

**סאטין.** נאָך לאַנג וועט געדויערען ביז דו ועסט פאַר־שכורן דיין גאַנצען קאַפּיטאַל? דו שטיק בהמה.

**בובנאָוו.** אָ, זעהר גיך; וואָרום איך האָב איצט צוגויפ־געזאַמעלט גאָר אַ קליינעם קאַפּיטאַל. זאָב! וואו ביזטו, זאָב?

**קלעשטש.** (געהט צום טיש) ער איז נישטאָ.

**בובנאָוו.** או, ר ר ר... דו בייזער הונט, בררריו ברליו, ברליו, אָנגעבלאָזענער ענדיק, ביל נישט, וואָרטשע נישט, מאַך אַ שנאַפּס, זיי פרעהליך, לעבעדיג, האַלט נישט אַראָפּגעלאָזען דעם נאָז... איך פונדעווע אַלעמען. איך האָב זעהר גערען צו פונדעווען. אָ, ווען איך זאָל זיין רייך... וואָלט איך קודם כל איינגעאָרדע־נעט אַנ׳אומזיסטען רעסטאָראַן — אויף מיינע נאמנות, מיט מוזיק, מיט אַ כאָר פון זינגער... קומט ווער ס׳וויל, טרינקט, עסט, הערט מוזיק, לעבט אַ גוטען טאָג. אויב דו ביזט אַנ׳אָרימאַן, קום אַהער צו מיר, אין מיין אומזיסטען רעסטאָראַן. סאַטין, דיר וואָלט איך.. נו, אַ העלפט פון מיין גאַנצען פאַרמעגען אָט נעהם צו.

**סאטין.** דו גיב מיר בעסער תּכף אַוועק אין גאַנצען, וויפעל דו האָסט.

**בובנאָוו,** וואָס, מיין גאַנצען קאַפּיטאַל? גוט, נאַ, אָט האָסטו; אַ רובּל מיט נאָך איינעם, און אַ פערציגער, און דאָ האָסטו די גאַנצע קליינגעלד, נעהם צו אין גאַנצען.

**סאטין,** נו אַזוי וועט זיין גוט, אָט וועל איך האָבען מיט וואָס צו שפּילען.

**מעדוועדיעוו,** איך בין אַ עדות: צו האָט דיר געגעבען ז׳אָס געלד, צו באַהאַלטען... וויפעל האָסטו דאָרט?

**בובנאָוו,** אי דו „ווערבליוד" מיר דאַרפען דאָ נישט קיין עדות.

**אַלעשקאָ,** (קומט אריין אַ באָרוועסער) עי, ברידער, כ׳האָב מיר איינגענעצט די פיס.

**בובנאָוו.** נו, ווילסט איצט דורכנעצען די האַלדז? גוט,

טרינק; עך, דו ביזט אַ גאַנץ וואוילער בחור׳ל; דו קענסט זינגען שפּילען אויף דער האַרמאָניע, ס׳איז אַלץ זעהר שעהן. אָבער שכור׳ן, דאָס טויג נישט פאַר דיר; בראָנפען איז שעדליך, בראָנ-פען איז גיפט.

**אַלעשקאַ.** דאָס דערקען איך אָן דיר; ווען דו ביזט שכור, ביזטו דאַן עפּעס עהנליך צו אַ מענש; קלעשטש, האָסט שוין פאַררוכט מיין האַרמאָניע? (זינגט צו טאַנצענדיג.)

ווען נישט מיין שעהנער פּנים
וואָלט מיין קוואַטערין—מיך נישט ליבען
און אַז איך וואָלט ביי איהר בעטען מזומנים
וואָלט זי מיך אַוועקגעטריבען
אוי, כ׳בין אַ דערפרוירענער, ס׳איז מיר קאַלט.

**מעדוועדיעוו.** הום,מ צו קען מען נישט וויסען, ווער איז דאָס דיין קוואַטערין?

**בובנאָוו.** שווייג שוין בעסער אַבראַמקע! דו ביזט איצט ברודער טיו, טיו, נישט קיין פּאָליציאַנט, און נישט קיין פע-טער.

**אלעשקא.** און פשוט, דער מוהמעס אַ פאַנטאָפּעל-מאַן.

**בובנאַוו.** איין פלימעניצע דיינע איז אין טורמע, די צווייטע — האַלט ביים שטאַרבען.

**מעדוועדיעוו.** (שטאָלץ) נישט אמת... זי שטאַרבט נישט, נאָר פאַרפאַלען געוואָרען ערגעץ. (סאַטין לאַכט)

**בובנאָוו.** ס׳איז אַלץ איינס, ברודער, אַ מענש אָהן פלימעניצעס, איז — אויס פעטער!

**אלעשקא.** הער אַדיוטאַנט, געוועזענער עלטסטער באַ-ראַבאַנשטשיק!

די קוואַטערין האָט א סך „באַש"
נאָר איך האָב נישט קיין גראָשען,
דערפאַר מאַך איך קיראַזש
און זינג מיר אויף מיין לשון.

זוי קאַלט! ס׳קומען אריין: זאָב; נאָכדעם-ביז צו ענדע פונם אקט נאָך פליכע פארשוינען: מענער און פרויען, זיי טהוען זיך אויס; לייגען זיך אויף די בערעס און וואַרטשען:

**זאָב.** בובנאָוו! צו וואָס ביזטו אַנטלאָפען?

**בובנאָוו.** קום נאָר אַהער! זעץ דיך! לאָמיר זינגען מיין באַליבטעס ליד!

**טאַטאַרין.** וואַרטשעט ביי נאַכט דאַרף מען שלאָפען, און ביי טאָג — זינגען!

**סאַטין.** עט, ס׳איז גאָרנישט — קום נאָר אַהער צו אונז זיי נישט אין כעס פירשט!

**טאַטאַרין.** וואָס הייסט: גאָרנישט? ס׳וועט דאָך זיין אַ טומעל! בשעת אַ שכור זינגט, רוישט עס אין די אויערען!

**בובנאָוו.** געהט צו נאָהענטער צו טאַטאַרין נו וואָס מאַכט דיין האַנט פירשט? מ׳האָט זי נאָך נישט אָפּגעשניטען?

**טאַטאַרין.** צו וואָס אָפּשניידען? כ׳קאָן נאָך וואַרטען, מ׳דאַרף נישט שניידען. אַ האַנט איז נישט פון אייזען, אָפּשניידען איז זעהר גרינג!

**קריוואָי זאָב.** ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגען, האַסאַן? אַז אָהן אַ האַנט וועסטו צו גאָר נישט טויגען, אוגזערע ברידער שאַצט מען אָפּ, לויט די הענט און רוקען! אַז עס איז נישטאָ קיין הענט, ביזטו — גאָר קיין מענש נישט דיין גאַנצע אַרבייט איז נישט ווערט אפילו אַ שמעק טאַבאַק, אָט קום מאַך אַ גוטען שנאַפּס און ווייטער גאָר נישט!

**קוואַשניא.** קומט אריין אוי טייערינקע מענשען! וואָס זאָל איך אייך זאָגען, איז אויפ׳ן גאַס איצט אַ קעלט, אַ בלאָטע, און שליאַכאָטע אז איין גאָט זאָל זיך דערבאַרימען! צו מייי האַר אי דאָ? מיין באַשיצער, וואו ביזטו דאָרט?

**מעדוועדיעוו.** איך בין דאָ!

**קוואַשניא.** האָסט שוין ווידער אָנגעטהון מיין קאַפּטעל! און ווי איך זעה ביזטו אַביסעל פאַרשאַשקעט, האַ וואָס איז דאָס מיט דיר די שמחה?

**מעדוועדיעוו.** ע,ע, דאָס איז צוליב דובנאָווס געבורטסטאָג און אויפ׳ן גאַס איז אַ שליאַכאָטע.

קוואַשניא. עי, היט דיינע ביינער, אַלטער! איך וועל דיר געבען אַ שליאַכאָטע ווענסטו מיר האָבען צו געדענקען! שלאָפען גען, אָבער שוין! איך וויל שלאָפען, ציי דו הערסט?

מעדוועדיעוו. (געהט אָפּ אין קיך) נו נוט, ס'איז שוין צייט צו געהן שלאָפען:

סאטין. וויאָס האַלסט איהם אַזוי שטטענג?

קוואַשניא. אַנדערש קען מען נישט, מיין פריינד! מיט אַזאַ מאָנספאַרשוין מוז מען זיין שטרענג, כ'האָב איהם גענומען ער זאָל מיר העלפען און עפעס ברענגען נוצען, אָט האָב איך געקלערט: איר זענט אַלע הוליאַקעס און איך בין איין איינציגע נקבה צווישען אייך, ער האָט דאָך געדינט אין מיליטער. אָט וועט ער מיר באַשיצען, צום סף האָט ער זיך גאָר אַריינגעלאָזען אין שכרות געפעלט מיר גאָר נישט.

סאַטין. נו האָסטו דיר אויסגעקליבען גאָר נישט קיין נוטען בעשיצער.

קוואשניאַ, וואו זאָל איך נעמען אַ בעסערען? דו וואָלסט מיך נישט וועלען נעהמען און אַז אַפּילו דו וואָלסט מיך שוין יאָ גענומען, וואָלסטו מיך געהאַלטען אַ פּאָר וואָכען, נאָכדעם וואָלסטו פאַרשפּילט אין קאָרטען מיך מיט מיין ביסעל בעבעכעס!

סאַטין. (לאכט) יאָ, דאָס האסטו רעכט! כ וואלט אלץ פאַרשפּילט!...

קוואשניא. אה, זעהסט שוין, אלעשקא!

אלעשקא. יאָ—איך האלט מיט איהם:

קוואשניא, וואָס געהסטו מיך בארעדען פאר אלעמען?

אלעשקא. איך זאָג דעם אמת; אט דאס איז א מאדנע נקבה! פארמאגט אויף זיך א סך פלייש, שמאלץ און ביינער אודאַי אַ 10 פוד, און מאַרך אין קאָפּ, אפילו קיין איין קווינט נישט!

קוואשניא. זאגסט ליגען! כ'האָב נאָך גענוג שכל, נאָר וואס געהסטו דערצעהלען דאָס איך שלאָג מיין באשיצער?

אלעשקא. איך האָב געמיינט, אז דו האסט איהם געש-

לאגען, ער האט געשריען בשעת דו האסט איהם געשלעפּט פאר די האהר!

**קוואשניא.** לאכט אַי דו נאַר, האָסט זיך באדארפט מאכען גישט זעהענדיק! צו וואָס האָסטו באלד פאנאנדערגעפּויקט? דיין בארעדונג איז פאר איהם אויך א באליידיגונג, אָט האָט ער פון עגמת נפש אנגעהויבען צו שכורען!

**אלעשקא.** נו, נו ס'וועלען שוין באלד הינער און הענער אנהויבען צו שכור'ען פון עגמת נפש! סאטין און קלעשטש לאכען

**קוואַשניא.** אך דו לץ איינער, וואָס ביזטו פאר א מענטש, אלעשקא?

**אלעשקא.** א מענש פון בעסטען סארט, איך טויג צו אלעם; צו טאנצען און שפּילען, צו פייפען און גרילען.

**בובנאוו.** צו טאטארין קום אהער האַסאַן! דו וועסט שוין סיי ווי נישט קענען שלאָפען, לאָמיר זינגען א גאנצע נאכט, זאָב!

**זאַב.** נו לאמיר זינגען!

**אַלעשקא.** און איך וועל צושפּילען!

**סאטין.** און מיר וועלען הערען!

**טאטארין.** העי, שאטאן, בובנאוו.. גיב אהער בראנפען אט לאמיר טרינקען, לחיים, לאמיר הוליען כדבעי, און אז ס'וועט קומען דער מלאך המות וועלען מיר שטארבען

**בובנאוו.** גיס אָן סאַטין! זאָב זעץ דיך! איהר מיינט אז אַ מענטש דארף האבען א סך? אט האב איך געמאכט א פּאַ־שנאפּסען און עס איז מיר וואויל! נו זאָב הויב אן כ'וועל. זינגען און וויינען!

**זאָב.** זינגט די זון... געהט אויף און פּאַ–אַר–גע–הט

**בובנאוו.** כאפּט אונטער און אין מייז. טורמע—איז פינס־טער... די טהיר עפענט זיך האסטיג

**באראָן.** (שטעהט אויפֿן שטוהל און שרייט) **העי! קומט אַהער וואָס צום גיכסטען ... דאָרט אין חורבה האָט זיך אַקטיאָר אויפגעהאַנגען!..**
שטילקייט, אלע קוקען אויף באראנען, נאך איהם באווייזט זיך נאסטיא, לאנגזאם מיט ברייט אפענע אויגען, געהט זי, צום טיש,

**סאטין,** צו זיך אליין **אָט דאָס איז אַ נאַר, האָט איבער געריסען דאָס ליד!**

פאָרהאַנג.

**ענדע.**

